סאָניע געראבערט

# סטרונעס פון מיין הארץ

לידער



1948

# נאטור לידער



## פרילינג רעגן.

שפּריצט אַ רעגענדל אַ קליינס,
ווערט פון אַלע שפּריצן איינס,
שטייט אַ טייכל שוין אין גאַס,
שפּילען קינדער, ווערען נאַס.

גייט אַ רעגענדל אַ קליינס,
שפּראָצט אַ בוימעלע אַ שיינס,
קומען בלעטעלעך אַרויס,
שפּרייטען זיך און ווערען גרויס.

עס בליצט און דונערט און עס קראַכט,
דער רעגען גיסט די גאַנצע נאַכט,
האָט ער אונז פון מוטער־ערד,
ברויט צו זאַט אַרויסגעבראַכט.

קלאַפּט דער רעגען אין מיין טיר,
ברענגט ער האָפענונגען מיר,
אַז דער זומער וועט באַלד קומען,
מיט געלע זאַנגען, רויטע בלומען.

# פרילינג אין וואַלד.

שוין קומען פרילינג ווינטעלאַך,
וואַרעמע, און לופטיקע,
עס עפענען זיך קנאָספּעלאַך,
פאַר די בלומען דופטיקע.

בוימער פון דעם ווינטער דרימל,
ציען זיך צום בלויען הימעל,
פייגעל פליען מיט געריידער,
מאַכען נעסטען, זינגען לידער.

אין דעם באַנייטען גרינעם וואַלד,
ווינקען פליגעלאַך פון גאָלד;
אין דער פינסטער פון דער נאַכט,
בלענדען זיי מיט זייער פּראַכט.

פליגעל קליין, און פליגעל גרויס,
לאָזען זיך אין טאַנץ אַרויס;
צינדען פייערלאַך זיך אָן,
און זיי לעשען זיך באַלד אויס.

און זיי טאַנצען, און זיי גלאַנצען,
און זיי גיסען פון זיך גאָלד,
אָט אַזוי וועקט אויף דער פרילינג,
פון זיין שלאָף, דעם אַלטען וואַלד.

## שטומע פריינטשאַפט.

איינס צום צווייטען צוגעטוליעט,
סוד'ען זיך דאָרט בערגלעך צוויי,
און דער הימעל, מיט אַ שמייכעל,
שיקט די זון אַראָפּ צו זיי.

פאַלען שטראַלען אויף די בערגלעך,
אָט אַזוי אַ גאַנצען טאָג;
ביז עס ווייזט זיך די לבנה,
און זי טוט די זון אַ יאָג.

ווערען בערגלעך נאָך אינטימער,
אין דער פינסטער פון דער נאַכט;
און זיי בענשען דעם באַשעפער,
וואָס האָט זיי צונויפגעבראַכט.

אָט אַזוי אין שטומער פריינטשאַפט,
לעבען זיך די בערגלעך צוויי:
זומער אָנגעטאָן אין גרינעם,
ווינטער צוגעדעקט מיט שניי.

# האַרבסט.

ס׳גרינען מער שוין ניט קיין גראָזן,
טרוקען זענען זיי, און שוואַרץ;
און די בייזע ווינטען בלאָזען —
ס׳איז אַן אומעט אויפן האַרץ.

פון די בוימער פאַלען בלעטער,
פאַלען וועט אויך באַלד אַ שניי;
וואו זשע זענען איצט די געטער,
וואָס איך האָב געגלויבט אין זיי?

ס׳וועט דער ווינטער אויך באַלד קומען,
ער וועט ברענגען פראָסט און קעלט —
וואו זשע זענען מיינע טרוימען
פון אַ ליכטיק־שיינער וועלט?

# פרילינג אין 1948

ס'האָבן בוימער זיך צובליט,
מיט פרישער גרינער פּראַכט;
האָפענונגען האָט דער פרילינג
נייע מיר געבראַכט.

פויגלען קומען שוין צופליען,
פרייליך זינגען זיי;
זיי ברייגנען אונז אַ גוטע בשורה,
אַז עס פאַרגייט דער וויי.

ס'שפּרייטען זיך שוין לאַנקעס גרינע
און אַ הימעל בלוי;
זאָגט מיין הארץ אין מיר נביאות;
עס קומט די גוטע שעה!

אַז אָט ווערען מיר שוין פּטור,
פון די בייזע שלאַנגען
און עס ברענגט די שעה די גוטע
פריידען און געזאַנגען.

# אַמאָל אין דאָרף

קאַרשעלעך און ווײַנשעלעך,
וואַקסען אויף די ביימעלעך,
אויף די פעלדער גרינינקע,
פּאַשען זיך בהמה׳לעך.

און די גאָלדען בלימעלעך,
שפּרייטען זיך אין דאָלינע,
אויף די גרינע קוסטעלעך,
רויטעלט זיך די מאַלינע.

עס שלײַנגעלט זיך אַ ריטשקעלע,
און מורמעלט זיך פאַרשייט,
געשטאַנען איז מיין שטיבעלע,
פון ריטשקעלע ניט ווייט.

געוועזען איז מיין שטיבעלע,
מיט געלער שטרוי באַדעקט,
אונטער מיינע פענסטערלעך,
האָט אַ גרינער בוים געשמעקט.

אויף דעם בוים אַ פייגעלע,
האָט אַ נעסטעלע געמאַכט,
געזונגען האָט דאָס לידעלעך,
חלומות מיר געבראַכט.

חלום איך נאָך די חלומות,
כ׳זע מיין דערפעלע פאַר מיר,
כאָטש עס איז פון דערפעלע,
שוין לאַנג נישטאָ קיין שפּיר.

# די ווילדע נאַטור

באַרג און טאָל צונויפגעגאָסען,
אַ טומאַן איז ווייט פאַרשפּרייט,
כ'האָב דיך ליב, נאַטור דו שיינע,
ווען אַ שטורם־רעגן גייט.

כ'האָב ליב די פרעסט די שטאַרקע,
מיט דעם זילבער ווייסען שניי;
ווען איך בלאָנדזשע אין דער ווייטקייט,
און איך ווייס ניט וואו איך גיי.

כ'האָב ליב די שטאַרקע כוואַליעס,
פון דעם שטורעמדיקן ים,
ווען זיי הויבן זיך און קלאַפּן,
און זיי גיסן פון זיך שוים.

כ'האָב ליב צו זען די שטורם ווינטן,
ווען זיי ברעכן בוים נאָך בוים;
און די פויגל טויט־דערשראָקן,
הויבן זיך אין ווייטן רוים.

כ'האָב ליב די דונערן און בליצן,
זיי זיינען ווי מוזיק צו מיר.
אָט דערפאַר, נאַטור דו ווילדע,
זינג איך איצט אַ שיר צו דיר.

# גרעזעלאַך גרינע.

גרעזעלך גרינע,
הערט אויף זיך צו הוידען,
הערט אויף זיך צו שאָקלען,
הערט אויף זיך צו סוד'ען.

עס וועלען דערהערען,
די רוישענדע בוימער,
זיי וועלען דערציילען
די פויגל די טרוימער.

וועלען די פויגל,
די בינען דערציילען
קען זיך אזוי
דער סוד אַרויסשיילען.

איז גרעזעלעך גרינע,
ווערט בעסער אַנטשוויגען
זאָל קיינער ניט וויסען
ווער ס'איז דאָ געליגן.

ווער ס'איז דאָ געלעגן,
ווער ס'איז דאָ געזעסן,
וואָס איר האָט געזען,
מוזט איר פאַרגעסען!

הערט-זשע גרעזעלאַך אויף,
רכילות צו טרייבן,
זאָל דאָ דער סוד —
אויף אייביק פאַרבלייבען.

## מיין גאָרטן.

האָט איר געזען אַמאָל מיין גאָרטן,
אין אַ זוניקן פרימאָרגן?
ווען איר גיט אויף אים אַ קוק נאָר,
פאַרגעסט איר אַלע זאָרגן.

ווען מיין גאָרטן, אין פריען פרילינג,
נעמט זיך נאָר צעבליען,
לאָזט דאָס מיך אין שטוב ניט זיצן,
לאָזט דאָס מיך ניט רוען.

ווייל ער ציט צו זיך און מאַניעט,
ווי אַ פאַר'כישופ'טער גן־עדן,
ער דערמאָנט מיר אין מיין יוגנט,
און ברייננגט מיר נייע פריידן.

ווען די בוימער, פריש צעגרינטע,
זייערע שאָטנס שפרייטן,
ליג איך דאָרט און וועב חלומות,
וואָס קומען אומגעבעטן.

און די רויזן, מיט קאָלירן
פון אַ רעגן־בויגן,
שפּרייטן זיך איבערן גאָרן,
און בלענדן מיר די אויגן.

היינט די פויגעלאַך אין גאָרטן,
מאַכן נייע נעסטן,
און מיט זייערע געזאַנגען,
טוען זיי מיך טרייסטן.

און ווען דער בלויער „בעז״ צעבליט,
מיט זיינע אַראָמאַטן,
וועל איך דעמאָלט שוין מיין גאָרטן
אויף אוצרות ניט פאַרבייטן.

ווייל מיין גאָרטן, מוזט איר וויסן,
קען מען ניט פאַרגלייכן,
צו אַזוי זיך גלאַט אַ גאָרטן,
וואָס מען קען פון בוימלאַך מאַכן.

מ י י ן  ג אָ ר ט ן, האָב איך אַ ירושה,
פון מיין עלטער־זיידן,
און איך ווינש אים, פאַר דעם גאָרטן,
דעם ליכטיקן גן־עדן.

# מלחמה לידער



טעג די ליכטיקע — זיי טונקלען:
שאָטענס פאַר'ן אויג זיך שוואַרצן,
און מ'זינגט ניט, און מ'לאַכט ניט,
ס'איז אַן אומעט אויפ'ן האַרצן.

בלומען בליהען און פאַרוועלקען,
טרוימען, האָפענונגען שטאַרבען;
ס'ווערען לויטערע קאָלירען
איינגעהילט אין שוואַרצע פאַרבען.

יונגע מענשען, פול מיט לעבען,
ליידען, גייען אויס אין פּיין;
אויסגעלאָשען זייער שטרעבען —
קרעכצען רייסען הימלען איין.

וואָס-זשע טויגען איצט די הימלען,
אַז זיי זיינען פּוסט און לער?
אַלץ וואָס זיי קענען העלפען
איז צו געבען נאָך אַ טרער.

פון די טרערען טייכען פליסען
און פאַרוואַנדלען זיך אין בלוט:
און האַרמאַטען קראַכען, שיסען
טויזנט לעבענס אַ מינוט...

# בלימעלעך

אַמאָל אויף די פעלדער, האָט קאָרן געוואַקסען,
מיט בלימעלעך בלויע באַפוצט,
כ׳פלעג מיט מיין ליבען דאָרטן פאַרברייננגען,
ער האָט מיך פון בייזען באַשיצט.

אַמאָל אויף די פעלדער, האָט רעטשקע געשפּרייט זיך,
מיט בלימעלעך ווייסע ווי שניי,
מיר פלעגען דאָרט ביידע די בלימעלעך רייסען,
פאַרגעסען אין מענשליכען וויי.

כ׳האָב פון די בלימעלעך קראַנצען געפלאָכטען,
זיך מיט דעם לעבען געפרייט,
אָפּט פון התפעלות זיך אוועקגעלאָזט טאַנצען,
און זיך ווי אַ וויכער געדרייט.

* * *

איצט אויף די פעלדער נישטאָ מער קיין קאָרן,
קיין בלימעלעך וואַקסען ניט מער,
עס ליגען דאָרט מענשן, מיט אָפענע וואונדען,
מיט הערצער וואָס אָטעמען שווער.

איצט אויף די פעלדער, טרעט מען אויף מתים...
מיין ליבעה איז אויך צווישען זיי,
אַן עלענדער האָט ער זיין לעבען פאַרלוירען,
כ'האָב אין חלום געהערט זיין געשריי!

כ'האָב אין חלום געהערט, ער רופט מיך ביים נאָמען
„ליבסטע, פאַרגעס ניט אָן מיר!
ברייננ מיר די בלויע, און ווייסינקע בלומען,
לייג זיי אויפ'ן קבר ביי מיר...".

„און אויב מיין קבר דו וועסט ניט געפינען,
צעוואַרף זיי אַזוי אויפ'ן פעלד;
דער ווינט וועט זיי כאַפּען, און וועט זיי צוטראָגען,
אַ בלימעלע פאַר איטליכען העלד".

# אַ מאַמע'ס באַגער

דו גייסט מיין קינד, אין ווייטן וועג,
פון רציחות און געשלעג,
פון געפאַרען אָהן אַ שיעור,
וויל איך אויך דאָרט זיין מיט דיר.

איך וויל מיין קינד מיט דיר גיין,
איך וויל גרינגער מאַכען דיינע ווייען,
כ'וועל דיין ראַניעץ העלפען טראָגען,
כ'וועל שלעכטס און בייז פון דיר פאַריאָגען.

ווי אַ וועכטער וועל איך שטיין,
איך וועל פרואוווען דיך באַשיצען,
פון די קעלטען, און פון שנייען,
און פון פייערדיקע בליצען.

און אַז אַ קויל וועט דאַרפען טרעפען,
אין דיר מיין קינד, וואָס ביסט מיר טייער!
וועל איך דיך מיט מיין גוף פאַרשטעלען,
עס זאָל טרעפען מיך דאָס פייער. —

און עס זאָל חלילה, דאָך פאַסירען,
אַז דו זאָלסט פאַרוואונדעט ווערען,
וועל איך די וואונדען דיר פאַרבינדען,
און וועל באַהאַלטען מיינע טרערען.

איך וועל ביי דיין בעטעל זיצען,
און צו גאָט אַ תפילה זאָגען;
ער זאָל אויף ווייטער דיך באַשיצען,
דיר מאַכען גרינג דעם יאָך צו טראָגען.

## די נייע תפילה

אוי, גאָטעניו, ליבער!
ס'איז שווער אויפן האַרצען;
ס'זיינען אַלע קאָלירען
פאַרוואַנדעלט אין שוואַרצען.

כ'בין עלענד און איינזאַם
אַליין דאָ געבליבען;
מיין ליבסטער איז ערגעץ
אין גלות פאַרטריבען.

מיין ליבסטער איז דאָרטען
אין ווייטע מקומות;
איך הער אים און זע אים
אין מיינע חלומות!

ער טרייסט מיך און הייסט מיר,
איך זאָל זיך נישט זאָרגען;
ער קעמפט זאָגט ער איצטער
פאַר אַ בעסערען מאָרגען.

ווען דער מאָרגען וועט קומען,
וועט ליכטיק שוין ווערען,
די לבנה וועט שיינען,
ס'וועלען לייכטען די שטערען.

וועלען לייכטען די שטערען,
אויף אַ הימל אַ ריינעם,
ס'וועלען נישט זיין מער קיין טרערען,
ניט זיין קיין געוויינען.

* * *

איי, גאָטעניו ליבער,
פאַרווירקליך מיין חלום,
ברייננ אויף דער וועלט שוין,
אחדות און שלום !

ברייננ אויף דער וועלט שוין,
אחדות און שלום,
ברייננ צוריק מיין ליבסטען
ניט נאָר אין חלום !

## צום באַשעפער

גרוי און וואָלקענדיק דער הימעל,
און עס פאַלט אַ נאַסער שניי,
און דער בורא אין זיין דרימל,
זעט ניט אונזער טיפען וויי.

עס קומען שוין פרעסט און קעלטען,
און די קינדער זיינען ווייט,
אָהן אַ היים, און אָהן געצעלטען,
מיט דעם שונא אין ווילדען שטרייט.

עס בלאָזען ווינטען, „זאַווערוכעס",
פאַראומגליקט זיינען פיל משפחות,
דאָס פאָלק ישראל ווערט אויסגעראָטן,
שונאים ברענען זיי און בראָטען.

פון דער וועלט די אַלע ווייען
צו זעסטו ניט, צו ווילסטו ניט זעהן?
עס ווערט פאַרניכטעט דיין באַשאַף,
אָ, מאַך שוין גאָט צו דעם אַ סוף!

# אַ זעלנער׳ס תפילה

גאָט מיין באַשעפער !
צו דיר טו איך תפילה,
ברייננ שוין דעם שלום
ברייננ די גאולה.

כ׳בין ווייט פון מיין היים,
אין פאַרוואָרפענע לענדער,
מיינע ליבסטע באַשיץ דאָרט,
פון די מערדער, און שענדער.

מיין טאַטע׳ן דעם אַלטען,
באַהיט, און באַשירם,
פון שווערע זאָרגען,
פון צער און יסורים.

באַשיץ דאָרט מיין מאַמע׳ן,
די האַרציקע, ליבע,
וואָס ווארט אַ פאַרביינקטע,
אַ פאַרזאָרגטע, אַ טריבע.

באַשיץ אונזער היים,
די אַלטינקע שטוב,
וואו איך בין געבוירען,
און האָב אַזוי ליב.

באַשיץ אונזער גאָרטען,
מיט די דופטיקע בלומען,
זאָלען זיי בליען,
ווען צוריק איך וועל קומען !

באַשיץ אויך מיין כלה,
די וואונדערליך שיינע,
איך זאָל זי נאָך טרעפען,
אַן אומשולדיק ריינע!

אָ גאָט מיין באַשעפער !
באַשיץ זיי דאָרט אַלע, —
— מיין טאַטע'ן מיין מאַמע'ן
מיין היים, און מיין כלה.

# אַ מלחמה מאַמע.

איך האָב אַ שטיבעלע געבויט,
און אַ גערטענדעל פאַרזייט,
זונעלעך האָב איך דערצויגען,
און האָב זיך מיט זיי געפרייט.

האָבען זיי ביי מיר געוואָקסען,
וואו די בוימער, שטאַרק, און שיין,
איצט האָבען זיי מיך פאַרלאָזען,
בין איך געבליבען איינע אַליין.

זיי זיינען ערגעץ אין די שלאַכטען,
און דער מאַן, איז אויך דאָרט,
בין איך מיד שוין פון טראַכטען,
און געפון פאַר זיך קיין אָרט.

איז מיין שטיבל איצטער ליידיק,
און מיין גאָרטען איז פאַרדאַרט,
און איך עלענד, און פאַרלאָזען,
וויין, און בענק, און וואַרט, און וואַרט...

# נאָך אַ מאַמע.

געווידמעט מאַדאַם ע. פליישמאַן.

קינדערלעך מיינע,
זונעלעך פיר,
מיין בענקשאַפט נאָך אייך,
האָט ניט קיין שיער.

פון פריען פרימאָרגען,
ביז שפעט אין דער נאַכט,
פון אייך מיינע קינדערלעך,
טראַכט איך, און טראַכט.

איך טראַכט און דערמאָן זיך,
ווען איר זענט פיצלעך געווען,
אין טאַטע'ן געראָטען,
מיט זיין הארציקען חן.

מיט די מדות די שיינע,
מיט דער ריינער נשמה,
איצט זענט איר פאַרוואָרפען,
און פירט גאָר מלחמה. —

איז אויב דאָס איז גאָט'ס ווילען,
און אַזוי איז באַשערט;
זאָלט איר מוטיק דאָרט קעמפען,
מיט ביקס, און מיט שווערד !

באַקעמפען דעם שונא,
ניט לאָזען קיין שפיר!
זיך צוריק־קערען העלדען,
מיינע זונעלעך פיר.

# פּאַטריאָטן זיינען מיר

מיין משפּחה — פּאַטריאָטען,
פון מיין מאַמען, ביז מיין טאַטען,
פון מיין באָבען, ביז מיין זיידען,
פון מיין טאָכטער, ביז מיין איידעם.
סיי מיין זוהן, סיי מיין שניר,
פּאַטריאָטען זיינען מיר!

לויפט די באָבע בענדער נייען,
צו פאַרבינדען זעלנער'ס ווייען,
און די מאַמע סוועדערס שטריקט,
זיי מיט'ן רויטען קרייץ זי שיקט.

זאָגט די טאָכטער מיט רחמנות,
„זעלנער זיינען אין סכנות",
לאָזט זי פון זיך צאַפּען בלוט,
זיי צו שטאַרקען, געבען מוט.

ס'איז דער זיידע אַלט, און שוואַך,
טוט ער ניט קיין אַנדער זאַך,
נאָר אין שול אריין ער גייט,
אויפן פיינט מפּלות בעט. —

און דער טאַטע פירט געשעפטען,
לייגט אַוועק דערביי די קרעפטען,
נאָר ער האַוועט, און ער לויפט,
און מלחמה באַנדם ער קויפט.

און דעם איידעם, ווי דעם שווער.
נעמט מען ניט אין מיליטער,
ווייל ער איז שוין אין די יאָרען,
איז ער „עיר גאַרד״ כאַטש געוואָרען.

אויך די שנור, די פּאַטריאָטען,
מיט מתנות פאַר סאָלדאַטען,
לויפט אַרום; טאָג, און נאַכט,
העלפט געווינען אונז די שלאַכט.

און דער זוהן, פון טאַטע מאַמען,
ווייט אַוועק וואו אויף די ים׳ען,
שטעלט זיין לעבען דאָרטען איין,
מיר זאָלען אַלע פריי שוין זיין!

## אַ מעשה פון שונאים צוויי.

**(אַן אָפּקלאַנג פון פינסטערע צייטן)**

כ׳וועל אַ מעשה אייך דערציילען,
וואָס האָט געטראָפען דאָרט:
אין דער אוקראַאינע, אין מיין שטעטל,
ס׳איז אמת יעדער וואָרט.

* * *

ביי די ברעגעס פון „דניעסטער"
אין אַ פינסטערער נאַכט,
און ס׳האָבען זיך צוויי שונאים באַגעגענט.
האָבען הארמאַטען, געדונערט, געקראַכט

און מיט ערענסטער פרומקייט,
ווי צו אַ הייליגער תפילה,
זיינען זיי אַריין אין אַ קאַמף,
וואָס מ׳רופט איצט „גערילאַ".

האָבען זיי איינער דעם צווייטען,
מיט מעסערס געשטאָכען,
געשניטען די לייבער,
די שאַרבענס געבראָכען. —

ביז פון דער האַנט,
איז געפאַלען דער שווערד,
און זיי האָבען גענידערט,
צו דער בלוטיקער ערד.

איצט ליגען זיי ביידע, אין פײַנליכע שמערצען,
אין עלענד, אין שרעק, און אין נויט,
איינער ביים צווייטען מחילה זיי בעטען,
און טיילען די שרעקען פון טויט.

זיי ברודער מיר מוחל,
ס'איז ניט געווען מיט מיין ווילן,
איצט אַ מערדער צו ווערען —
איז אַ חוב צו דערפילען.

איך בין קיין מערדער געווען,
ס'האָט זיך ניט געהויבען מיין האַנט,
צו טאָן עפּעס שלעכטס,
אַ פליג אויף דער וואַנט. —

מיר האָבען געקענט דאָך,
אויך זיין גוטע פריינט,
האָבען מיר דען אַן אורזאַך,
צו האָבען זיך פיינט ?

ענטפער מיר ברודער !
זאָג אַ וואָרט כאָטש פון שלום?
זאָג אַז וואָס ס'איז געשעהן,
איז אַ פינסטערער חלום.

דער צווייטער שווייגט,
די אויגען קוקען שטאַר,
אויף זיין קאַלך-ווייסען פּנים
דריקט זיך אוים זיין צער.

פאַרווירט קוקט ער אויף דעם שונא,
עס כאַפּט אים אָן אַ שרעק,
און מיט די לעצטע קרעפטען זיינע
רוקט ער זיך פון אים אַוועק... —

און ער פאַנגט אָן זען בילדער,
בילדער אַלטע פון אַמאָל,
ווען ער איז אַ קינד געווען
און איז געגאַנגען נאָך אין שול.

ער זעט די מאַמע, — וויגט אים,
צערטלעך אין איר שויס,
און זינגט דערביי אים לידעלעך
פון איר האַרץ אַרויס.

אַט הערט ער דאָך די לידעלעך,
זי זינגט דאָך זיי אַצינד,
„שלאָף מיין קליינער זונעלע,
מיין זיס אומשולדיג קינד".

און עס שעפּטשען זיינע ליפּען,
מאַמע, ס'איז מיר שווער...
און עס פאַלט פון זיינע אויגען —
אַ בלוטיג-רויטע טרער...

* * *

און די ראָבן מיט געפילדער ,
פליען איבער זיי —
און זיי וואַרטען אומגעדולדיג
אויף די שונאים צוויי.

# אַ מאַמע רעדט.

איך האָב אַ אינגעלע געהאַט,
אַ געראָטענס, און אַ שיינס,
ער איז פון זיבען קינדערלעך,
געבליבען ביי מיר איינס.

האָב איך אַ ווינקעלע געזוכט,
אין דער גרויסער וועלט,
וואו איך זאָל באַשיצען אים,
פון הונגער און פון קעלט.

האָב איך מיין איינציק אינגעלע,
קיין ארץ ישראל געבראַכט,
כ'האָב דאָרט פון מיין זונעלע,
אַ חלוצ'ל געמאַכט.

מיר האָבען אַ שטיבעלע געבויט,
אַ גערטענדעל פאַרזעצט,
און מיר האָבען ביידע דאָרטען,
גליקלעך זיך געשעצט.

און ווען מיין קינד איז אויסגעוואַקסען,
גרויס און שטאַרק געוואָרען,
איז ער פון אַ חלוץ,
אַ לעגיאָנער געוואָרען.

בין איך שטאָלץ געווען מיט אים,
געהאַפּט נחת צו דערלעבען,
איז ער פלוצים אוועק פון מיר,
וואו די געפאַרען שוועבען .

זיי־זשע זון מיינער געבענטשט,
געשטאַרקט זאָל זיין דיין האַנט!
וואָס וועסט מיט איר פאַרטיידיגען,
אונזער הייליג לאַנד.

## מיין טרייסט.

ווען דאָס האַרץ פּאַנגט אָן נאָגען,
עס ווערט דער אומעט גרויס,
נעם איך מיר מיין אינגעלע,
צו זיך אויפן שויס.

איך דערצייל אים מעשה׳לעך,
פון זיין טאַטע׳ן אויפן שלאַכט,
פאַרשטייט ניט מיין קליין אינגעלע,
פרייט ער זיך און לאַכט.

לאָך איך דעמאָלט אויך מיט אים,
איך פאַרגעס אין אַלע שלאַכטען,
אַ קינד איך ווער, אַזוי ווי ער,
אָהן דענקען, און אָהן טראַכטען.

דאָס האַרץ ווערט פול מיט האָפענונג,
די בענקשאַפט, זי פאַרשווינדט,
די זאָרגען ווייט צופליען זיך,
וואו די בלעטער פון אַ ווינט.

# אַ צייטיק פאָלקס־ליד.

וואָס טויגען מיר די דימאַנטען,
מיט די טייערע בריליאַנטען,
אַז מיין ליבסטער איז פאַרוואָרפען,
אין די וויטע האָריזאָנטען.

ווען מיר האָבען זיך געזעגענט,
האָט ער מיר פאַרשפּראָכען,
אַז ער וועט מיר בריוולעך שרייבען,
ער האָט זיין וואָרט געבראָכען.

צי האָט ער אַן אַנדערע געפונען,
אין די פאַרוואָרפענע מקומות?
און אָן מיר האָט ער פאַרגעסען,
ווי אין נעכטיגע חלומות?

צי זאָל איך אפשר דיינקען,
אַז ער איז פאַרוואונדעט ?
צי ער איז פון די נאַצי מערדער,
ערגעץ וואו געקידנעפּט?

צי אפשר איז ער גאָר געפאַלען,
אין די בייזע שלאַכטען,
ס'איז שוין מער נישטאָ קיין קרעפטען
צו קלערען, און צו טראַכטען.

וואָס־זשע טויגען די דימאַנטען,
און די שיינע קליידער ?
אַז פאַריאָמערט, און פאַרוויינט,
איך גיי אַרום כסדר.

# צו אַ לעגיאָנער.

גיי מיין קינד נעם דיין „ראַנעץ“,
טו אים אויף דיין פּלייצע אָן,
ווייס, אַ ס'האָט דיין גוטער טאַטע,
אויך אַמאָל אַזוי געטאָן.

ער האָט גראָד אַ לאַנד פאַרטיידיגט,
וואָס איז געוועזען צו אים פרעמד,
ווען איך דערמאָן זיך אָן זיין עלענד,
ווערט אין מיר מיין האַרץ פאַרקלעמט.

ער איז צוריק שוין ניט געקומען,
ער האָט פאַרלוירען ס'לעבען דאָרט,
נאָר געהערט האָב איך פון ווייטען,
זיין צוואה, זיין לעצט וואָרט:

ער האָט געבענשט אונז, און פרשוואוירען,
צו קעמפען פאַר אן אייגען לאַנד,
גיי זשע קינד, טו אָן דיין „ראַנעץ“,
היינט ניט קעמפען, איז אַ שאַנד.

## רויזן.

עס בליען רויזען אין מיין גאָרטען,
רויט און דופּטיק זיינען זיי,
זיי פאַרוועלקען, און צופאַלען,
און עס בלייבט נאָר שטויב פון זיי.

מיר האָבען געזעגענט זיך אין גאָרטען,
זי האָט געגעבען מיר אַ רויז,
מיט אַ קול וואָס האָט געציטערט,
האָט זי געזאָגט די ווערטער בלויז.

„פאַרגעס מיך ניט אין לאַנד דעם ווייטען
איך וועל דאָ תפילה טאָן פאַר דיר,
מיט דערפאָלג זאָל זיין דיין שטרייטען,
זאָלסט קומען צוריק אַ העלד צו מיר.״

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט טרויער,
דער בליק האָט אויסגעדריקט איר שמארץ,
איר רויז, וועט קיינמאָל ניט פאַרוועלקען,
זי וועט אייביק בלייבען אין מיין הארץ.

# פיאָנערען פרויען.

שטאָלץ בין איך היינט אָהן א שיעור,
כ׳בין געוואָרען א פרויען פיאָנער,
וועל איך צוזאַמען מיט פיאָנערען פרויען
העלפען אונדזער לאַנד אויפבויען !

כ׳וועל נישט שפּאָרען קיין מיה, און צייט.
גרייט בין איך אויף יעדער שטרייט !
מיט שונאים וואָס שטייען אונז אין וועג,
און מאַכען שוואַרץ אונזערע טעג.

ווי א זעלנער וועל איך שטיין אויף דער וואַך,
עס וועט ניט שרעקען מיך קיין זאַך!
צו העלפען די אָרימע יתומים,
צו פאַרווירקליכען זייערע טרוימען.

כ׳וועל זיי העלפען ברייננגען אין לאַנד „ישראל”,
זיי זאָלען געניסען די פרייד פון אַמאָל,
פאַרגעסען זאָלען זיי, אין די ביטערע נויטען
און די צוגעזעהענע הריגות, און טויטען.

ווי א מוטער איך וועל וואַרעמען זיי אין מיין שוים,
כ׳וועל זיי העלפען פון אַלע געפאַרען אַרוים,
כ׳וועל מאַכען זיי ליכטיג, וואַרעם, און זאַט,
זיי זאָלען אָנפאַנגען ווייטער צו גלויבען אין גאָט!

איז זאָלען מיר אַלע פיאָניערען פרויען,
אין היילינגען לאַנד, א היים פאַר זיי בויען!
עס זאָל ניט זיין קיין זאַך צו שווער,
פאַר א טרייער פרויען פיאָנער!

## צו אַ פליכטלינג.

זאָג מיר זיידעניו וואָס קרעכצסטו,
עס טוט דיר אפשר עפּעס וויי?
צו נאָך דעם אַלטען בית-המדרש לעכצסטו
און נאָך דעם זילבער-ווייסען שניי?

צו בייגקסטו אפשר נאָכ'ן שטעטל,
וואו דו האָסט דיין יוגנט פאַרבראַכט?
זאָג מיר זיידעניו דעם אמת;
פאַרוואָס גייסטו אַרום פאַרטראַכט?

צו בייגקסטו גאָר נאָך דער באָבען,
וואָס איז שוין אין גן-עדן לאַנג?
און דו פילסט זיך עלענד, און פאַרלאָזען,
און עס טוט דיר נאָך איר אַזוי באַנג.

וויין נישט זיידעניו, זיי רוהיג,
דאָס זאָל זיין דיין לעצטער טרער!
דו האָסט איצט דיין היים געפונען
וועסט נישט זיין שוין עלענד מער!

וועסט נישט זיין שוין מערער עלענד,
צווישען ברידער ביסטו איצט!
פון די רוצחים, און די מערדער,
וועסטו איצט, שוין זיין באַשיצט.

פאַרגעסען זאָלסטו איצט דיין טרויער!
פאַרגעס דיין וויטאָג, און דיין שמאַרץ!
ס'איז אָפען פון „ישראל" דער טויער,
פרייען זאָל זיך איצט דיין האַרץ!

# הומאָריסטישע לידער

## אַ בילד פון אַמאָליגען לעבען

אַט אַזוי האָט מיין באָבע,
און זיידע געלעבט,
דער זיידע האָט אימער
אין די הימלען געשוועבט.

די באָבע האָט אַליין,
פאַר פּרנסה געזאָרגט,
געהאַנדעלט, געוואַנדעלט,
געליען, געבאָרגט.

אין קעלטען אין פרעסט,
אין קליטעל געזעסען,
קאַשע, מיט באָרשט,
פון טעפּל געגעסען.

ביים פייער־טאָפּ, געוואַרעמט,
די פאַרגליווערטע פינגער,
און אָפט זיך פאַרגעסען,
אין דאָרשט, און אין הונגער.

דער זיידע ביים רבי'ן,
האָט זיינע יאָרן פאַרבראַכט,
און וועגן פּרנסה,
האָט ער נישט געטראַכט.

ווען ער איז געקומען
אויף יום-טוב אַמאָל,
איז זיין אָרט נאָר געווען,
אין בית-המדרש, אין שוהל.

דער באָבע׳ן זיך טובלה׳ן
האָט ער געשיקט,
און האָט יעדען יאָר,
מיט אַ קינד זי באַגליקט.

האָבען קינדער געוואַקסען,
און זיך געמערט,
האָט די באָבע געגלויבט,
אַז אַזוי איז באַשערט.

חתונות, ברית׳ן,
איידעמ׳ס און שנור,
וואַקסט די משפחה,
מיט יעדען יאָר.

און די באָבע?
זי אַרבייט פאַרשמייעט אין קלייט,
אַ חלק עולם הבאה,
ביים זיידע׳ן זי בעט.

האָט דער זיידע, דער באָבע'ן
געגעבען דאָס וואָרט,
מיט איר טיילען די מצות,
איבער הונדערט יאָר דאָרט...

אין גן־עדן וועלען זיי זיצען,
ווי כלה, חתן,
זי וועט מיט אים עסען פון שור הבור,
און פון לויתן.

איז גליקליך די באָבע,
איז מפרנס דעם זיידען,
און האָפט ערשט צו לעבען
אַ טאָג אין גן־ עדן.

## פרילינג.

עס גרינען די פעלדער,
עס רוישען די וועלדער,
עס בליען שוין בלומען אָהן שיעור;
אויך אונטער הימלען,
די פויגעלעך טומלען,
און זינגען צום בורא אַ שיר.

געוואָלט וואָלט איך אויך,
מיט די פויגעלעך הויך,
אַהין אין די וויטקייטען פליען;
מיט נאַטור זיך באַהעפטען,
און מיט נייע קרעפטען,
דאָס הארץ, זאָל זיך ווידער צעגליהען.

# די צויבערין.

ווען חנה טוט זיך אַ צושמייכל,
ווער איך אָן מיין גאַנצען שכל,
און ווען זי פאַנגט נאָך אָן צו לאַכן,
בין איך גרייט אַ נאַר פון זיך צו מאַכן.

זי ווערט דעמאָלט ביי מיר טייער,
כ׳וואָלט פאַר איר געגאַנגען אין פייער!
די נשמה וואָלט איך איר געגעבען,
זי זאָל מיך כאָטש אַביסל ליבען.

זאָג איך צו איר: „חנה שיינע,
גיב אַ קוש מיר כאָטשע איינעם,
וועל איך אייביק דאָס געדענקען,
און נאָך דיינע קושן בייַנקען״.

ענטפערט חנה מיט אַ שמייכל:
„וואָס מיר בייַנקען, ווער מיר בייַנקען,
דו וועסט אַ רינגל מיר היינט שיינקען,
אַ גילדן-רינגל מיט ברילאַנטען,
און אַ חופּה-קלייד, מיט קאַנטען״.

געהערט דבורים פון אַ מיידל?
זי האָט געזאָגט דאָס אַזוי איידל,
מיט איר שמייכעלע דעם זיסען,
איך האָב געקענט זי דעמאָלט שיסען!

דער סוף איז אָבער, אַז דאָס שיסען,
לאָזט זיך אויס; מיט האַלזען, קישען,
איך קויף אַ רינגל מיט ברילאַנטן,
און אַ זיידען קלייד מיט קאַנטען.

און געפירט מיך צו דער חופה,
האָט די צויבערין די קליפּע!
וואָס האָט מיט איר צויבער־שמייכל,
אַוועקגערויבט ביי מיר דעם שכל.

# אַ מיאַמי „לענדליידי״ רעדט.

כ׳האָב אַ צימער צו פאַרדינגען,
זוך איך מיר אַ שטיל פאָר־פאָלק:
זאָלען ניט טאַנצען, און ניט זינגען,
זיי זאָלען לעבען מיט אַ טאָלק.

זיי זאָלען ביי זיך אין צימער זיצען,
זיך ניט דרייען פאַר די פיס;
און ביינאַכט זאָל איך ניט הערען
ניט קיין כראָפ, און ניט קיין ניס.

זאָלען אין קיך אריין ניט קומען,
ניט צום אויווען, ניט צום סינק;
זיי זאָלען אין „פריזשידער״ ניט האלטען,
ניט קיין עסען, ניט קיין טרינק.

קיין געסט זאָלען זיי צו זיך ניט רופען,
אָנצוריידען אויף מיר שלעכטס;
און קריינקען זאָלען זיי אין דער היים זיך,
כ׳האָב פיינט צו הערען ווי מ׳קרעכצט!

איך פאַרדינג דאָס צימער ביליג:
טויזנט דאָלאַר איז ניט קיין סך —
פאַר אַ צימער אין מיאַמי
וואָס האָט אַ סטעליע, און אַ דאַך.

עס האָט קיין פענסטער ניט דאָס צימער?
וואָס־זשע דאַרפט איר פענסטער וואָס?
צו פיל לופט קען נאָך פאַרשאַטען,
אַלץ איז גוט נאָר מיט אַ מאָס...

# הינער און קאַטשקעס.

**(אַ סאַטירע)**

ס׳האָט אַ הון מיט אַ קאַטשקע,
געלעבט אין אַ הויז,
האָט די הון געגען דער קאַטשקע,
געהאַלטען זיך גרויס.

פאַריסען די נאָז,
אין איר זייט ניט געקוקט,
און קיינמאָל זאָגאַר,
קיין גוטמאָרגען געזאָגט.

זי האָט פאַר די הינער,
זי אימער באַרעדט,
געמאַכט פון איר חוזק,
געלאַכט און געשפּעט.

האָט דאָס דער קאַטשקע,
שטאַרק שוין פאַרדראָסען,
אַ סוף דערפון מאַכען,
האָט זי באַשלאָסען.

און זי האָט צו דער הון,
געזאָגט גאַנץ געלאַסען:
„ביסט אַ קליינע מיוחסת,
דאַרפסט דיין נאָז ניט פאַררייסען".

„איך האָב ענדלעך באַשלאָסען,
דעם אמת דיר זאָגען,
אַז אַלע דיינע הינער,
טויגען אויף קלאָגען.
אויף וואָס איר זענט גוט?
איז כפרות מיט אייך שלאָגען".

„ווילדע שרייערקעס, באַרימערקעס,
לייגט איינע נאָר אַן איי,
לאָזט זי וויסען באַלד דער וועלט,
מיט געפילדער, מיט געשריי".

„מיט דעם גאַנצען הונער־כוח,
מיט אַ קול וואָס גרילצט אין מוח,
קאַדקאַדאַ! קאַד־קאַדקאַדאַ!
כ'האָב געלייגט אַן איי, גאָספּאָדאַ".

„אַ יחוס, זי האָט געלייגט אַן איי,
מיין איי, איז ווי דיינע צוויי,
איך מאַך אָבער ניט קיין טומל,
מיט געשרייען ביז אין הימל".

„מיינע פליכטען איך דערפיל,
אָהן געפילדער, אין דער שטיל,
קיינער זעט ניט מיינע טרערען;
ווייל קאַטשקעס, זענען מיט מאַניערן!"

„ווערענד איר, זענט עולם-הזה'ניצעס,
דער רויטער האָן, איז אייער גאָט,
טוט ער נאָר אַ קריי צו אייך,
פאָלגט איר זיין געבאָט..."

„קיין בושה, קיין חרפּה,
פראָסטע גראָבע ברואים,
איר פירט אַ האַרעם לעבען,
אָהן אַ זין, און אָהן אַ קיום."

„איז ווי וואַגסטו זיך גאָר,
צו מיר צו פאַרגלייכען?
איך וואַש זיך, און באָד זיך,
אין ריטשקעס, אין טייכען."

„זענען מיינע פעדערען ווייס,
און פּוכיק ווי שניי,
ס'איז פון אַ פּרינצעסען,
מיין קער, און מיין דריי."

„היינט מיין מאָראַל —
דאָס ווייסט יעדער,
איך וועל ניט לאָזן באַרירען,
אַפילו מיינעם אַ פעדער!"
„און וויכטיק איז אויך,
ניט צו פאַרגעסן,
אַז מיינע גריוון, און שמאַלץ,
מעג דער קייסער אויך עסן!"

„איז ניין מיין פריינד,
די מיוחסות איז די קאַטשקע,
ניט די טומעלדיקע הון,
די שרייערקע די קוואַטשקע!"

---

מאָראַל.

פאַראַנען אויך מענשן,
וואָס עס איז זיי באַשערט,
צו זיין „געסנאַבט" פון אַזעלכע,
וואָס זענען אַליין גאָר ניט ווערט.

## „זינאַידאַ פּעטראָוונאַ“.

„זינאַידאַ פּעטראָוונאַ“,
איז געקומען פון קאָוונע,
איר ריידען רוסיש,
איז דאָ געווען אַ חדשות.

האָבען בחורים,
געשריבען איר שירים,
געמאַכט קאָמפּלימענטן,
געשאַנקען פּרעזענטן.

האָט „זינאַידאַ פּעטראָוונאַ“,
דאָס מיידל פון קאָוונע,
דאָס נעזל פאַררִיסען,
אַ ליפּל פאַרבִּיסען.

אַ מיידל אַ שיינע,
דיינקט זי, זי איז איינע,
זי טאַנצט און זי פרייט זיך,
אויפן קאָריק זי דרייט זיך.

זי נעמט די מתנות,
און מאַכט נאָך לצנות,
פון די בחורים,
וואָס שרייבען איר אין שירים.

יעדען באַזונדער,
ליבע פאַרשפּרעכט זי,
זאָגט זיי צו גליקען,
די הערצער זיי ברעכט זי.

מיינט יעדער איינער,
אַז ער איז נאָר איינער,
ביי זינאַידען,
דער קלוגער, דער שיינער.

* * *

און אונזער זינאַידאַ?
זי האָט אַפּנים פאַרגעסען,
אַז די יאָרען פליען,
מ׳קען ווערען פאַרזעסען.

אַזוי איז אַוועק,
אַ יאָר, נאָך אַ יאָר,
איצט זענען ביי זינאַ׳ן,
גרוי שוין די האָר.

גרוי שוין די האָר.
דער רוקען געבויגען,
פאַרשווינדען איז שוין,
דער פלאַם פון די אויגען.

ס'איז שוין איצט,
פון „זינאַידאַ",
אַ זעלדע געוואָרען,
אַ קראַנקע אַ מידע.

איר אַמאָליקען שטאָלץ,
האָט זי פאַרגעסען,
דאָס איינזאַמע לעבען,
האָט איר דערעסען.

וואָלט זי שוין איצט,
מיט גרוים פאַרגעניגען,
גענומען אַן אלמן,
ווען זי קען קריגען.

זי וואָלט גענומען אַן אַלמן,
אַפילו מיט קינדער,
פּטור צו ווערען,
פון עלענד געשווינדער.

קומט ניט קיין אלמן,
עס קומט ניט קיין קינד,
ביי זינאַ'ן אין הארצען
נאַיעט אַ ווינד.

# עס העלפען נישט די חנ׳דעלעך.

מענשן זאָגען כ׳בין אַ קלוגע.
וואָס זשע קומט דערפון אַרוים;
עס מאַכט אַ בחור מיך משוגע —
איך גיי ממש נאָך אים אוים.

מ׳זאָגט אַז מיינע שווארצע צעפּ,
זענען ווי די שלאַנגען;
נאָר כאָטש זיי מיט טויזענט קעפּ,
קען איך אים ניט פאַנגען.

מ׳זאָגט כ׳האָב אויגען, ווי זונען־שטראַלען,
אים, קען איך ניט פאַרברענען,
כאָטש שים אין אים מיט פיילען,
וויל ער מיך ניט קענען!

מ׳זאָגט אַז מיינע ליפּעלעך,
זענען זאַפטעקע און רויטע,
בעט איך ער זאָל קושען זיי, —
קושט ער ניט — דער שוטה...

מ׳זאָגט אַז מיינע ציינדעלעך,
זענען שיין ווי פּערל,
עס העלפען ניט די חנ׳דעלעך —
ער וויל מיך ניט — דער קערל...

# אַ חלום אַזאַ.

איך, מיט מיין רעדאַקטאָר,
לעבען זיך בשלום,
כ'וויל אים אַמאָל זעהן —
זעה איך אים אין חלום.

רייד איך צו אים דעמאָלט,
מיט פשוטע דבורים:
זאָגט מיר הער רעדאַקטאָר,
איר האַלט פון מיינע שירים?

ענטפערט דער רעדאַקטאָר:
איך מוז דעם אמת זאָגען,
ביסט די בעסטע פּאָעטעסע,
וואָס מיר היינט פאַרמאָגען.

עס זענען פאַראַן פּאָעטען,
מיט גאָר גרויסע נעמען,
אָבער אַנטקעגען דיר —
דאַרפען זיי זיך שעמען!"...

ווער איך ביי זיך גדול,
גרויס ביז צו די הימלען;
עס ווילט זיך אַזוי אייביג
חלומ'ען און דרימלען...

## חלומות.

איך זע חלומות אויף דער וואר,
אזוי דייטלעך, אזוי קלאָר,
איך הער מ׳שרייט פון אַלע זייטען,
איר קענט זי אויף קיינעם ניט פאַרבייטען!

אַ גאָט־געבענשטע „פּאָעטעסע״,
אַ ברכה פאַר דעם „קרומען״
יעדער נאַכט, אין די חלומות,
הער איך אָט די שטימען.

ליינער בעטען, און מ׳פאָדערט,
און מ׳מאַכט גערידער,
הער רעדאַקטאָר, האָט רחמנות,
גיט אונז אירע לידער!

מיר קריגען לידער מכל־המינים,
אי גוטע, אי שלעכטע,
אירע לידער זענען אָבער,
אַלעמאָל די עכטע!

זיי האָבען לעבען, האַרץ נשמה,
און אויך, זאַלץ און פּעפּער,
קענט איר פּותר־זיין מיין חלום —
זענט איר אַ גוטער טרעפער...

# צ ע ן  ג ע ב אָ ט

## (צו אַ נײַ בעל־הבית׳ל)

פרעגסט מיך ווי דו זאָלסט זיך פירן,
אין דיין נייעם לעבן?
ווילסטו פאָרן, מוזטו שמירן,
ווער ניט מיד צו געבן!

ווילסט זי זאָל דיך האָבן ליב,
זע זשע גיב איר גוטע קעסט,
גרייט איר צו אַ שיינע שטוב,
און פון אַלעם גאָר דאָס בעסט.

גיב איר ליבע ווען זי וויל,
ווען זי וויל ניט האַלט זיך שטיל,
שטעל אַ מאָס צו דיין געַנוס.
אַלץ ווערט מיאוס פון איבערפלוס.

זיי קיין הערשער איבער איר,
זאָל זי פריי זיין גלייך מיט דיר,
זיי ניט „דזשעלאָס" ווי אַ טערק,
קושט זי ווען, ניט באַמערק.

ווערסטו האַלטן די געבאָט,
ווערט איר זיין געבענטשט פון גאָט.

# איך בין פֿאַרליבט

איך בין פֿאַרליבט!
און שעם זיך ניט,
אויסצוזאָגען יעדען,
סיי מיין טאַטען סיי מיין מאַמען,
מיין באָבען און מיין זיידען.

אי מיין טאַטע, אי מיין מאַמע,
און מיין משפחה אַלע,
זענען אַזוי ווי איך פֿאַרליבט,
אין מיין שיינער כלה.

פֿאַראַנען אויף דער וועלט אַ סך,
בתולות מיאוסע און שיינע,
אַמליבסטען איז מיר אָבער „זי"
די אומשולדיקע ריינע.

ווילט איר וויסען ווער זי איז?
וועל איך אייך דעם סוד איינראַמען,
זי איז די שפּראַך די אידישע,
די שפּראַך פֿון טאַטע מאַמע.

# די מאָסקיטאָ.

ס'איז אַ גאַסט צו מיר געקומען,
מיט אַ זינגען, מיט אַ זשומען,
ניט געבעטען, ניט גערופען,
זי לאָזט די גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען.

אַ הונגעריקע, און אַ מידע,
פליט זי אַרום מיר, מיט אַ וואוט,
און זי מאַכט פון מיר אַ סעודה,
און זייגט אַרוים פון מיר מיין בלוט.

זי דרייט זיך אַרום מיר אַרום,
מיט געזאַנג, און מיט אַ רעש,
טוט אין אויער מיר אַ זשום,
און כאַפּט אַריין דערווייל אַ נאַש.

זי נאַשט פון הענט, זי נאַשט פון פים,
און לאָזט אַ סימן אומעדום,
זי פאַרשווינדט, און קומט צוריק,
מיט אַ פריילעכען געזשום.

# מחשבות פון אַן אייפערזיכטיגען מאַן.

אייפערזיכטיג בין איך ניט,
גלאַט אַזוי, איך טראַכט:
וואָס אַ שטייגער טוט מיין ווייבל,
אין קאָונטרי יעדע נאַכט?...

אַ ווייבעלע איז זי אַ שיינע,
און חברה איז דאָ גענוג,
וואָס מ'לויפט נאָך שיינע ווייבלאַך,
וואָס קומען פאַרלירען וואָג.

כ'האָב אַליין געהערט מיין ווייבל,
האָט געמאַכט אַ קאָמפּלימענט,
דעם בחור מיט די בלויע אויגען,
וואָס שלאָפט אַליין אין טענט...

אייפערזיכטיג זאָגט איר? חלילה,
מיין ווייב איז מיר געטריי,
אָבער מאַכען מענער קאָמפּלימענטען,
אַזוי זיך — פראַנק, און פריי! ?

קיין מלאך איז דער בחור ניט,
ביי אַ מאַן איז אַלעס רעכט,
וואָס-זשע זיץ איך ווי אַ גולם?
עס האַלט דאָך דאָרטען שלעכט!

לויפען מוז איך שוין אַהינצו !
צו מיין ווייבעלע דער צנועה,
וואָס איז פאַרליבט שוין מסתמה,
אין דעם בחור׳ס אויגן בלויע.

נאָך היינט, וועל איך זי סופּרייזען!
איך וועל קומען אין געהיים,
קיין מינוט וועל איך ניט וואַרטען,
איך נעם זי גלייך אַהיים !

אייפערזיכטיג בין איך מיינט איר?
עט, ס׳אַנעכטיגער טאָג,
איך האָב פּשוט ליב מיין ווייבל,
מיט איר גאַנצער וואָג...

## מיסים קאַץ — און מיסים שאַץ
## בוידעם — מיט קלאָץ.

גוט מאָרגען מיסים קאַץ, שוין לאַנג אייך ניט געזעהן,
איר זענט געווען ערגעץ אויף אַ וואַקיישאָן?
יאָ מיסים שאַץ כ׳האָב דורכגעמאַכט אַן אָפּעריישאָן,
איך בין שיער געגאַנגען פון דער וועלט.

געלט? וואָס דען האָט איר געוואָלט
אַ וואַקיישאָן זאָל ניט קאָסטען קיין געלט?
חלילה, איך רעד דען פון געלט,
אַבי איך זע ווייטער די ליכטיקע וועלט.

וואָס-זשע איר זענט דאָרט געווען אויף אַ דיעט?
איר האָט דאָך פאַרלוירן אפשר צען פונט,
וואָס דען האָט איר געדענקט מיסים שאַץ —
אַז פון אַן אַפּערײשאַן קומט צו געזונט?

נו, אַבי איר האָט זיך „ענדזשאָיעט", און זענט צופרידען,
איז אַלעווײ אָהן אײער שאָדען,—אויף אַלע אידען...
גאַלע אידען? ווײס איך וואָס איר רעדט,
עס זענען געווען דאָרט גוים אַ בעט לעבען אַ בעט.

בעט-שמעט, אַבי אַ בעט, און אַ לופטיק צימער,
וואָלט איך אויך געוואונטשען אַזוי צו פאַרברײנגען דעם
זומער.
איך זינדיק ניט, אַבי דאַנקען גאָט איך בין געבליבן לעבן,
בין איך אַוודאי צופרידען, איר מעגט דאָס מיר גלויבן.

אַזוי, איר זינדיקט ניט? פּע, איר מעגט זיך שעמען,
אויף דער עלטער—וועט זי זיך זינדיקען ערשט נעמען.
שעמען גאָר, גלויבט מיר ס׳זענען דאָרט געלעגן פרויען
אָהן אַ שיער
פרויען אַלערלײ, אינגערע און עלטערע פון מיר.

געלעגן! כ׳שטעל מיר פאָר וואָס פאַר אַ פויגל איר זענט,
איר האָט מסתמא אין דער יוגנד גאַנצע וועלטן געברענט
זעלטן געברענט? יעדן טאָג געברענט! מיט אדיטאָרמי,
מיט וואַיאָלעט-שמוראַלען,
זײ האָבן געטאָן פאַר מיר אַלעם וואָס זײ האָבן געקענט.

איך וואונדער זיך, איר רעדט וועגן דעם אַזוי אָפֿן,
גלייך עס וואָלט אייך אַ גרוים גליק דאָרטן געטראָפֿן,
אַ גליק, נו געווים דאָס איז דאָך טאַקע געווען מיין גליק,
וואָס זיי האָבן געטראָפֿן מיין קראַנקהייט פֿון ערשטן
בליק.

און אייער מאַן שווייגט? ער איז גאָר ניט „דזשעלעס"
אויף אייך?
מיינער זאָל לעבן וואָלט מיך אָפּגעגעגט פֿאַר אַזאַ מין זאַך.
מיין מאַן, ער איז נעבעך אויך ניט קיין געזונטער,
דאָקטוירים שיקן אים קיין פֿלאָרידאַ אויפֿן ווינטער.

אין פֿלאָרידע זענען דאָך די לענדלאָרס גרויסע באַנדיטן,
זיי שינדען די הויט, און צאַפּן די בלוטן,
ניין, מיין הויט דאַנקען גאָט איז שוין פֿאַרהיילט,
ס׳איז אמת אַז בלוט — נאָך אַביסעלע פֿעלט.

מוט ביי אייך פֿעלט? כ׳וועל אייך דעם אמת איצט זאָגען—
אַז זיי האָבן מיט די לענדלאָרס, צו זינגען, און צו זאָגן,
אָט האָסטו דיר, שטראָס, גראָס, מאַך מיר אַ לעטניק...
זאָגט מיר וואָס אַ שטייגער קער זיך אָן; זינגען צום מאָגן?

האָט קיין פֿאַריבל ניט מיסים קאַץ, איר ווייסט וואָס איך
גלויב?
ס׳איז שווער צו אייך צו רעדען, ניט אַנדערש איר זענט
טויב,
אַזוי , איר זענט נעבעך טויב? אַ געזונט אין אייך מיסים
שאַץ,
איך זע איך רעד צו אייך בוידעם, און איר ענטפֿערט קלאַץ

גוד ביי !

# דערמאָנונגען



## אַ קליין שטעטלדיגער קבצן.

חיים הערש, דער חזן, זיצט פאַרטראַכט,
ער ברומט אַ ניגן אונטער;
קיין האָלץ און קוילען איז נישטאָ,
און דאָ קומט אָן דער ווינטער...

קיין דירה-געלט ניט באַצאָלט,
דער דלות מאַכט וויזיטען;
עסען איז נישטאָ צו זאַט —
דאָס לעצטע ברויט צושניטען.

אַ פאַרשמאַכטע זיצט די חזנ'טע,
זי כאַפּט פון קעלט אַ ציטער,
נישטאָ קיין בגד אויפן לייב,
נישטאָ קיין שמאָלץ, קיין פּוטער.

דער בן-יחיד גייט אין חדר ניט,
נישטאָ אויף קיין שכר-לימוד;
זיצען מאַן און ווייב פאַרזאָרגט;
עס כאַפּט זיי אָן אַן אומעט.

# אין אַ ווינטער נאַכט.

יאָסל פאָרט אויפן יאַריד,
מיקיטאַ איז דער טרייבער,
עס פאָרט אויך יאַנקעלע דער שמיד,
און חיים הערש, דער שרייבער.

מיקיטאַ שווייגט דעם גאַנצען וועג,
ער טראַכט — פון אַ טרינק בראַנפען,
יאָסל, חלומ'ט אוים אַ חלום;
פון געשעפטען, און טריאומפען.

יאַנקל זינגט אַ האַרציק ליד,
פון לבנה און פון שטערן;
עס כאַפּט אַ בענקשאַפט אים אַרום,
אַזש—עס גיסען טרערען.

חיים הערש דער שרייבער, זיצט פאַרטראַכט,
און אין זיין זכרון;
לעבט אויף דאָס מיידל פון אַמאָל,
פון די אינגע יאָרען.

# מיין טאַטענ'ס ירושה.

איך געדענק מיין טאַטענ'ס טלית,
מיט דער זילבערנער עטרה,
דעם גרויסען אַלמער מיט די ספרים,
דעם תנך, און די גמרא.

איך געדענק מיין ליבען טאַטען,
מיט די ליכטיג-קלאָרע אויגען,
פאַרטיפט איבער די ספרים זיצען,
מיט זיין רוקען טיף געבויגען.

איך געדענק נאָך דאָס געזאַנג,
פון האַרציגן גמרא ניגן,
עס באַגלייט מיך וואו איך גיי,
אויף אַלע מיינע לעבענס-וועגן.

פון קיין קינסטלער די מוזיק,
האָט אַזוי זיס ניט געקלונגען,
ווי אָט דער גמרא ניגן,
ווען מיין טאַטע האָט אים געזונגען.

אָט די אוצרות, פון מיין טאַטען,
אין האַרצען זענען מיר פאַרבליבען,
ער האָט די דאָזיגע ירושה,
אין מיין קינדערהייט מיר געגיבען.

וועל איך די גייסטיגע ירושה,
פון מיין טאַטען האַלטען הייליק,
און איך וועל אים אימער בענטשן,
פאַר דעם גרויסען, שיינעם חלק.

# מיין מאַמעס סידור.

אין מיין מאַמעס אַלטן סידור,
אַלע בלעטער, אירע גלידער,
אַלע פלעקען, אירע טרערען,
אויסעגווייִנט, פון לעבען שווערען.

ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם סידור,
לעבט אויף מיין קינדהייט אין מיר ווידער,
איך זע זי מישן בלאַט, נאָך בלאַט,
זינגען תפילות פרום צו גאָט.

מיין מאַמעס סידור, מיט מיין מאַמען,
אין מיין דמיון לעבען זיי צוזאַמען,
אין שבתים, ימים-טובים,
זי לויבט דעם בורא'ס מעשים-טובים.

מיין מאַמעס סידור איז מיר ליב,
דאָס שענסטע צירונג אין מיין שטיב.
איך זע מיין ליבע מאַמע דאָרט,
אין יעדער שורה, אין יעדען וואָרט.

# דעראינערונגען.

מיין שטיבל דאָס אַלטע,
געדענקסטו מיין ליבער?
אין דעם שטעטל באַלטע,
צווישען אַנדערע שטיבער.

געדענקסטו נאָך אפשר, —
פון די בוימער דעם נאָמען?
וואָס פלעגען שמעקען אין פרילינג,
ווי גוטע פאַרפיומען.

אַ, כ׳וויים, דו געדענקסט זיי,
ווי קען מען פאַרגעסען?
די אַקאַציעס ווייסע,
ווי צויבער - פרינצעסען.

און דאָס וועלדעל דאָס גרינע,
געדענקסטו דאָך זיכער?
ווען צוזאַמען מיר פלעגען,
לייענען דאָרט ביכער.

און גלויבען אין אַלעם —
וואָס מיר האָבען געלעזען,
ווייל ביידע מיר זענען,
אַזוי יונג נאָך געוועזען.

# אַמאָל, אַמאָל.

אונטער אַ פענסטער, פון מיין שטוב,
האָט אַ גרינער בוים געוואָקסען,
פלעגען צו אונז קומען מיידלאַך,
מיט צעפּ אַזוי ווי פלאַקסען.

פלעגט מיין שוועסטער מיט די מיידלאַך,
לאַכען, שטיפען, זינגען,
איך פלעג מוזען שטיין פון ווייטען,
און די סלינע שלינגען.

ווייל אַ בחור, שוין אַ גרויסער,
וואָס דאַרף בר־מצוה ווערען,
טאָר מיט מיידלאַך ניט פאַרברענגען,
און אויך פון זיי ניט קלערען.

איך פלעג אָבער פון זיי טראַכטען,
גאַנצע נעכט ניט שלאָפען,
און שטילערהייד—אין די געדאַנקען,
מאַניען זיי, און רופען.

איצט דאָס פענסטער פון מיין שטוב,
איז לאַנג שוין אויסגעשלאָגען,
און דעם בוים האָבען די ווינטען,
ערגעץ ווייט פאַרטראָגען,

און די שיינע בלאָנדע מיידלאַך,
זענען גרוי שוין געוואָרען,
אָבער איך קען ניט פאַרגעסען,
די זיסע יוגנט־יאָרען.

## ווען איך בין יונג געווען.

ביי מיר אין שטעטל אין מיין גאָרטן,
פלעגען רויזען בליען,
אויפן דאַך, פון מיין שטיבל,
פלעגען טויבען פליען.

און אנטקעגען פון מיין שטיבל,
איז נאָך אַ שטוב געשטאַנען,
אויף די פענסטערלאַך די ריינע,
גרינינקע וואַזאָנען.

דער שכן האָט געהאַט אַ טאָכטער,
שיין ווי אַ פּרינצעסין,
זי איז איינגעקריצט אין מיין זכרון,
איך קען זי ניט פאַרגעסען.

פלעגט מיין שיינע, יונגע שכנה,
פאַרטראַכט ביים פענסטער זיצען,
פון אירע גרויסע שוואַרצע אויגען,
פלעגט אַ פייער שפּריצען.

איך פון וויטען פלעג דערפילען,
אירע הייסע בליקען
און איך פלעג פון טיפען הארצען,
שטיל אַ דאַנק איר שיקען.

איצט, דער גאָרטען איז פאַרוואָקסען,
מיט קראָפּעווע און באַריאַנען,
און די רויזען פון דעם גאָרטען,
שוין לאַנג פאַרטריקענט זענען.

און די טויבען פון דעם דעכל,
זענען זיך צופלויגען,
און דאָס מיידל, איז אַ באָבע,
שוין מיט בלינדע אויגען.

## די „מוזע" מיינע.

רעד איך ניט מיט קיין דבורים,
זינג איך לידער, שרייב חבורים
זאָג איך דאָרטען וואָס איך וויל,
און איך בלייב מיר ווייטער שטיל.

זיץ איך שטיל אַזוי אַ צייט,
קומט די „מוזע" אָן, און שרייט:
„אָט בין איך ווייטער דאָ ביי דיר,
כאַפּ די פען, און שרייב אַ שיר!"

כאַפּ איך שרייבען נייע לידער,
און איך פיל זיך גליקלאַך ווידער,
נאָר אָט שוועבט זי אַוועק פון מיר, —
און ווייטער וואַרט איך, און וואַרט אויף איר.

# זאַכען און זאַכעלאַך



## דער זייגער, און דאָס זייגערל.

מיט שטאָלץ דעם קאָפּ פאַרריסען,
האָט דער זייגער אויף דער וואַנט,
אַזאָג־געטאָן פאַרביסען,
צום זייגער'ל אויף דער האַנט:

„הם, אויך מיר אַזייגער אויף דער וועלט,
מ'צאָלט אומזיסט נאָר פאַר דיר־געלט,
אַזוי נישטיק אַזוי קליין,
ניט קיין פנים, ניט קיין חן."

„זעהן די צייט אויף דיר איז שווער,
ביסט ניט אַהין, און ניט אַהער,
איז וואָס־זשע דאַרף מען דיך אַ שטייגער?
ביזט גאָר ניט ווערט דעם נאָמען זייגער."

⁂

ענטפערט זייגערל מיט אַ שמייכל:
„גרויסער נאַר, האָסט ניט קיין שכל,
ס'איז טאַקע אמת דו ביסט גרויס,
אָבער וועמען קומט דערפון אַרויס?"

„הערסטו אויף די צייט צו ווייזען,
ווערסטו באַלד אַ פראָסט שטיק אייזען,
און מיט דיין גאַנצער שווערער גרויס,
וואַרפט מען דיך אויפן מיסט אַרויס.“

„און נאָך עפּעס וועל איך דיר זאָגן:
אַז ס'איז גאָר שווער דיך צו פאַרטראָגן,
מיט דיין קלאַפּען, און געפּילדער,
מיט דיין טומלען, ווי אַ ווילדער.“

„איך אָבער; צו גיי איך יאָ, צו ניט,
איך באַציר אַ מענשליך גליד,
און אָהן טומל איך דערפיל,
מיינע פליכטען אין דערשטיל...“

***

**מאָראַל:**

זוער ס'איז ערענסט, איז אימער גרייט,
זיין פליכט דערפילען, שטילערהייט,
ווערענד די טומלער, און די שרייער,
האָבען ניט די ווערט קיין דרייער.

## פּאָרטרעטען.

אַ פּאָרטרעט פון אַ פּאָעט,
וואָס זעט אויס ווי אַ סקעלעט,
וויל איך אייך דאָ מאָלען:
די באָרד פארוואָקסען, און זי שטעכט,
ער פוילט זיך זי צו גאָלן.
זיך צו וואַשען ער פארגעסט,
פון באָרד עס רינט אים —
ווען ער עסט,
ווען ער רעדט, פון מויל עס שפּריצט,
און ער היצט זיך, און ער שוויצט.

## די אישה.

פאראַנען אַ שרייבער,
וואָס האַלט פון אַן אישה,
כאַפּט ער זי אָן —
האַלט ער אָהן בּישה,
די אישה.
ווייטער און ווידער,
אישה, און אישה,
עס מאַכט ניט אויס,
אַ מיידל, אַ גרישה,
אַבי זי איז אַן אישה.
און אַז מ׳האַלט פון אַן אישה,
איז דאָך ניט שייך צו ריידען,
האַלט מען די אישה,
מ׳וויל זיך ניט שיידען.
מיט דער אישה...

## מיינע שכנים.

## די פרידמאַנס

איך האָב אַ שכן, מיט אַ שכנה,
אַזאַ יאָר אויף מיר;
ביידע וואוילע, קלוגע, שיינע,
מיט מעלות אָהן אַ שיעור.

ביידע זענען זיי דערצויגען,
אין דער זעלבער שטאָט,
און זיי האָבען בלויע אויגען,
וואָס זענען פול מיט מוט.

ביידע האָבען שיינע מידות,
ריידען שיינע רייד,
און צו זיין מיט זיי צוזאַמען,
איז פאַר מיר אַ פרייד.

האָב איך ליב די שכנים מיינע,
ווי האָט מען זיי ניט ליב?
אַז זיי זענען אַזוינע פיינע,
און מיר וואוינען אין איין שטוב.

# אַ פּאָרטרעט.

## חמדה.

כ׳קען אַ מיידל פון דער ווייט,
חמדה איז איר נאָמען,
קוקט איר גאַנצער וועזען אויס,
ווי אַ בוקעט מיט בלומען.

חמדה׳ס פּנים, איז פול מיט חן,
אָפּגעטאָקט איז יעדעס גליד,
אַזוי ווי פּערל אירע ציין,
מ׳קוקט אויף איר, מ׳ווערט ניט מיד.

חמדה האָט אויגען ווי די נאַכט
זיי קוקען צנועתדיק פאַרטראַכט,
ווען זי וואַרפט אויף אייך אַ בליק,
ווערט דאָס האַרץ באַהערשט פון גליק.

חמדה קומט פון ארץ-ישראל,
זי האָט איר יוגנט דאָרט פאַרבראַכט,
געווען אַ חלוצה אַמאָל,
און האָט פרייד מיט זיך געבראַכט.

גאָט האָט חמדה׳ן אונז געשיקט,
פון הימל הויכן געצעלט,
זי זאָל וואו אַ זונענשטראַל,
באַלייכטען אונזער קאַלטע וועלט.

# „איך".

אַ גאָרטענדל, אַ שטיבעלע,
אַ פענסטערל, אַ טיר,
לעבט זיך דאָרט אַ מענשעלע,
מיט חלומות אָהן אַ שיעור.

אַ קייטעלע, אַ רינגעלע,
דאָס רינגעלע בין איך,
אַ קעפּעלע, אַ מוח׳ל,
דאָס מוח׳ל טראַכט גיך.

עפענט זיך אַ טירעלע,
אין קעפּעלע ביי מיר,
אַ פערזעלע, אַ ווירעלע,
און עס ווערט אַ שיר.

אַ מעשה׳לע, אַ לידעלע,
דאָס לידעלע, שרייב איך,
שטראַמעלאַך, און גראַמעלאַך,
און עס ווערט אַ בוך.

לייענט מען אָט דאָס ביכעלע,
און מ׳זינגט מיין ליד,
שרייב איך מיר די לידעלאַך,
און איך ווער ניט מיד.

## כאַראַקטער שטריכען.

(פון א טייל שרייבער אין „טאָג”)

י. אָפּאַטאָשו:

דער באַליבטער שרייבער אָפּאַטאָשו
האָט געמאַכט זיך א טבע,
צו פאַרקאָכען אָפט א קאַשע
צווישען מאַנסביל און נקבה.

ב. צ. גאָלדבערג:

ער רייזט ארום די גאַנצע וועלט
און קריגט דער פאַר כבוד און געלט;
ווערט אין דערהיים פון יעדן באַגריסט,
דאָס מעג זיך ווינשען א האַליוואוד-קאָמוניסט.

מ. דאַנצים:

קען שרייבען—שרייבט ער פון אלעם;
ער האָט שוין זיכער ניט מורא פאַר׳ן דלות.
שרייבט פון רבנים, דיינים, א מעשה, א וויץ:
גוט שבת, אידען! וואָס מאַכט איר „גיטס”?

ד. טשאַרני:

זיינע זכרונות זענען אינטערעסאַנט,
נאָר זיין שרעקען אונז כסדר האָב איך פיינט.
אָט איז ער קראַנק, אָט שטאַרבט ער אוועק —
זאָל ער אָפּלעבען זיינע 120 יאָר, און אַן עק !...

ה. לייוויק:

מען זאָגט יאָקבע, אז ער קען שרייבען;
די זאָגערס וועלען ביים זאָגען פאַרבלייבען.
זיי מעגען אים רימען און לויבען —
זיינען דאָ אפיקורסים, וואָס ווילען ניט גלויבען.

## כאַראַקטער שטריכען.

(פון אַ טייל שרייבער אין „טאָג")

א. לעיעלעס:

ער איז אַ שרייבער פון חכמה און תורה,
אַ סך וויסן, זאָגט מען, ער פאַרמאָגט.
דאָך לעבט ער אין שטענדיגער מורא
צי האָט שוין אַ צווייטער דאָס ניט געזאָגט.

א. לוצקי:

שרייבט לידער: ניט געשטויגען ניט געפלויגען;
אַ העלפאַנט זיך שפיגעלט אין מילבעלע'ס אויגען.
אַלץ הייסט אַ מזל פון אַ אידן:
וואָס ער שרייבט אָן איז די רעדאַקציע צופרידען...

ש. ניגער:

דער באַליבטער און חשוב'ער ש. ניגער:
אַמאָל איז ער אַ מלאך, אַמאָל — אַ טיגער.
מען קען צו אים קיין טענות ניט האָבען,
וואָס פאַר'ן אמת איז ער גרייט איינעם אַריינצוזאָגען.

מ. נודעלמאַן:

פון ערגעץ אַן אָנשיקעניש געקומען,
צו אָנמאַכען צרות ביי שרייבער פון „קרומען".
אין שאול תחתיה האָט ער זיי פאַרטריבען,
אַז קיין זכר איז פון זיי ניט געבליבען.

ע. פליישמאַן:

איז געווען אַ פּאָעט אין אַמאָליגע יאָרען,
איצט איז ער גאָר אַ „כירורג" געוואָרען.
ער אָפּערירט לידער, רייסט פון זיי שטיקער:
„ווייניג אָרט פאַרנעמען" איז ביי אים דער עיקר.

## מיין טרייסט.

זוען מיין הארץ פאנגט אָן צו נאָגען,
ווען איך פיל זיך עלענד, און דערשלאָגען,
נעם איך שרייבען זיך א ליד,
און עס בייט זיך מיין געמיט.

און ווען דאָס ליד איז אָנגעשריבען,
און איך זינג דאָס מיט געפיל,
ווערט דער אומעט באלד פארטריבען,
און אלעס ווערט ביי מיר א שפּיל.

שפּיל איך, זינג איך, קער איך וועלטען,
און דאָס הארץ ווערט ווייטער גאנץ,
און עס ווערט מיר אזוי פריילאך,
אז איך לאָז זיך אין א טאנץ.

טאנץ איך לעבעדיק, מיט פייער!
און איך דריי זיך, אין א ראָד,
ס'לעבען ווערט מיר ווייטער טייער,
יעדער שעה, איז מיר א שאָד.

## „זי"

פרעגסט מיך ליבע מאַמע מיינע,
וואָס איך גיי אַרום פאַרטראַכט,
און איך רו ניט, און איך שלאָף ניט,
ניט בייטאָג, און ניט ביינאַכט?

פרעג ניט, מאַמע ליבע מיינע,
שטעל מיר מער קיין פראַגעס ניט!
כ'וויל קיין ליגען דיר ניט זאָגען,
און דעם אמת — וואָג איך ניט...

האָסטו אָבער איינגעשפּאַרט זיך,
און דו גיסט מיין צונג אַ ציה —
מוז איך דיר דעם אמת זאָגען,
אַז דאָס מוטשעט מיך — אַ „זי"!

און די „זי" דאָס איז מיין „מוזע"!
זי וואָס קלאַפּט אַלץ אין מיין טיר,
און זי בעט זיך ביי מיר האַרציק:
„דערמאָן זיך שוין אַמאָל אָן מיר!".

## צום נייעם יאָר.

אַ ניי־יאָר ברכה שיק איך אייך,
געזינדעל פון דעם „קרומען״
זאָל אַ געזונט און פריילאַך יאָר
אויף אייך אַלע קומען.

און די „מוזע״ זאָל מיט אייך
אויף לאַנגע יאָרען בלייבען,
און לידער שיינע פריילִיכע,
זאָלט איר שטענדיג שרייבען.

דעם רעדאַקטאָר אויך פון „קרומען״
מיין ברכה איך שיק אַצינדער;
ווייל מיר אַלע ליבען אים
ווי אַ טאַטען — קינדער.

איז ווינש איך אים אויך דערפאַר
אַהן ווערטער פיל און רייד,
לאַנגע יאָרען גליקליכע,
אַ לעבען פול מיט פרייד.

# מיין שרעק

צוגיסט אַ ליד זיך,
אין מיין האַרץ,
פאַרגעס איך לייד,
פאַרגעס איך שמערץ.

און קומט די ליד,
פון האַרץ אַרויס,
איז מיין פרייד,
אין צווייען גרויס.

איך שרייב די ליד,
און זינג די ליד,
און ס׳איז מיר וואויל,
און ס׳איז מיר גוט.

און ווען מיין מוזע,
גייט אַוועק,
פאַלט מיך דעמאָלט,
אָן אַ שרעק.

צו וועט זי קומען,
נאָך צו מיר,
מיר ברייגגען פרייד,
און גליק ווי פריער?

# לידער פון היטלער׳ס צייטען

▼

## מיין מאַמעס טרער.

אַ טרער איז צו מיר צו חלום געקומען,
איך האָב אָט די טרער באַלד דערקענט,
אַ בלוטיקע טרער, פון מיין פאַרפייניקטער מאַמען,
וואָס האָט אירע אויגען געברענט.

כ׳האָב אַ גרוס דיר געבראַכט פון דיין מאמען,
אַ גרוס פון איר לעצטער שעה,
זי איז אומגעקומען אין די נאַצישע פלאַמען,
וואו זי האָט ענדלאָך געפונען איר רו.

זי האָט מיך געשיקט, אַהער דיר צו זאָגען,
אַזליידען וועט זי שוין ניט מער,
איר גורל זאָלסטו שוין מער ניט באַקלאָגען,
ווייל געוועזן בין איך, — איר לעצטע טרער...

# נקמה.

איך האָב אַהיים מיר אויסגעבאָוועט,
האָט מען זי פֿאַרברענט!
כ׳האָב אַ טאָכטער אויסגעכאָוועט,
האָט מען זי געשענדט!

און מיין טאַטען, מיט דער מאַמען,
מ׳האָט געברענט זיי אין די פֿלאַמען,
אין די פֿלאַקערדיגע פֿלאַמען,
האָט מען זיי געברענט.

איך האָב אַ שוועסטער׳ל אַ שיינע,
אויך דאָרטען געהאַט,
אַן אומשולדיגע אַ ריינע,
זי האָט געגלויבט אין גאָט.

אָנגעוואוירען זי האָט איר גלויבען,
אויפגעהערט איר גאָט צו לויבען,
נישטאָ קיין געטער פֿאַר איר מער,
אויסגעטריקענט איז איר טרער.

איך וועל די מערדער ניט פֿאַרגעבען,
נקמה ט׳זיין מיין ציל אין לעבען!
מאָנען וועל איך בלוט, פֿאַר בלוט.
מיט שטאָלץ און שטאַרקייט, און מיט מוט!

## דערציילט אַ פּליכטלינג.

געהאַט האָב איך אַ שטיבעלע,
מיט אַ דאַך אַ גרינעם,
אַ גאָרטען אַרום דעם שטיבעלע,
מיט בלומען פון אַלע מינים.

און אַ בוים איז דאָרט געווען,
איז ער געוואַקסען הויך,
מיט ווייסען צוויט, האָט ער געבליט,
מיט גן־עדן רח.

געהאַט האָב איך אויך טייבעלאַך,
זיי פלעגען וואָרקען אימער,
געקושט זיך אין די פּיסקעלאַך,
סיי ווינטער סיי זומער.

⁂

איז דער שונא ימח־שמו,
אין שטאָט אַריינגעקומען,
פאַרברענט האָט ער מיין שטיבעלע,
צוטראָטען אַלע בלומען.

עס זענען די טייבעלאך פון דאך,
מיט שרעק אוועקגעפלויגען,
ניט פארשטייענדיק קיין זאך,
מיט וואונדער אין די אויגען.

פון מיין בליענדיקען בוים,
געמאכט האט ער א תליה,
פאר דעם אלטען טאטען מיינעם,
וואס האט געהאפט אויף א ישועה.

בין איך ווי א שטיין אצינד,
אן עלענדער פארבליבען,
אהן משפחה, אהן אהיים,
אין א פרעמדען לאנד פארטריבען.

טעג זיי קומען און פארגייען,
זיי פרירען מיינע בלוטען,
ס׳איז פון מיין אמאליק גליק,
פארבליבען נאר א שטן.

## אַ גרוס פון טאַטע - מאַמע.

פליט אַ פויגעלע פון ווייט,
לויף איך נאָך דאָס כאַפּען,
צו האָט דאָס ניט אַ גרוס צו מיר,
פון מיין אַלטען טאַטען?

צו האָט דאָס ניט געזען דאָרט,
מיין מאַמע ליבע, זיסע?
פישטשעט פויגעלע צו מיר:
„זיי זענען דאָרט אין תּפֿיסה".

פלי־זשע פויגעלע צוריק,
זאָג מיין טאַטע, מאַמען,
אַז מיר מיען זיך פאַר זיי,
און הילף וועט ניט פאַרזאַמען.

## ער האָט אַ צוועק אין לעבען.

איך האָב געהאַט אַ היים אַ שיינע,
האָט מען זי פאַרברענט,
איך האָב געהאַט אַ פרוי אַ ריינע,
האָט מען זי געשענדט.
ביז צום טויט געשענדט!

טאַטע, און מאַמע, האָב איך געהאַט,
אַן אַלטען טאַטען מיט אַ מאַמען,
מיט געלעכטער, און מיט שפּאָט,
געשלעפּט זיי אין די פלאַמען.
אין די פלאַקערדיקע פלאַמען!

אַ שוועסטערל האָב איך געהאַט,
אַן אומשולדיקע צנועה,
שוואַרצע צעפּ האָט זי געהאַט,
און צוויי אויגען בלויע.
ווי דער הימל בלויע!

זיי האָבען אָפּגעשניטען אירע צעפּ,
פאַרשעמט די בלויע אויגען,
געמאַכט אַ שפּילכעל פון איר,
דאָס בלוט איר'ס אויסגעזויגען.
ווי שלאַנגען אויסגעזויגען!

וואָס-זשע לעב איך נאָך אַ צינד?
איך האָב אַ צוועק אין לעבען,
נקמה נעמען פון די הינט!
אָט דאָס איז איצט מיין שטרעבן.
צוליב דעם וויל איך נאָך לעבען!

# אַמאָל איז געווען.

אין דער שיינער אוקראַינע,
ביי די ברעגעס פון דניעסטער,
וואו עס ליגען די קברים,
פון מיינע ברידער און שוועסטער.
האָט זיך אַ מעשה פּאַרלאָפען :

אין דעם שטעטעלע ראשקאב,
צווישען אַנדערע אידען,
האָט געלעבט אַ משפחה,
גליקלאַך און צופרידען.

אַ טאַטע, אַ מאַמע,
און קינדערלאַך צוויי,
אין אַ שטיבעלע אַ גראַמע,
געוואוינט האָבען זיי.

זיי האָבען פון לעבן,
צו פיל ניט באַגערט,
זיך באַנוגענט מיט דעם,
וואָס גאָט האָט באַשערט.

ס׳האָט דער טאַטע געאַרבעט,
סיי טאָג, און סיי נאַכט,
די מאַמע האָט כסדר,
איבער די קינדער געוואַכט.

אַזוי האָבען זיי צוזאַמען,
געלעבט זיך צופרידען,
ביז דער שונא איז געקומען,
און האָט זיי צושידען.

דעם טאַטען, די מאַמען,
אין „לאַגער" פאַרטריבען,
זענען די קינדער
פאַר׳יתומ׳ט געבליבען.

קיין טאַטען, קיין מאַמען,
קיין טרינקען, קיין עסען,
קיין פריינט, און קיין גואל,
פון יעדען פאַרגעסען.

עס ליגען די קינדער,
אין שטיבעלע דעם גראַמען,
זיי וויינען און שרייען,
און רופען די מאַמען.

נאָר עס קומט ניט די מאַמע,
אַ טאָג, און ניט צוויי,
און שוואַכער עס ווערט שוין,
די קינדער׳ס געשריי...

עס ברענען די קערפּערס,
פון פיבער געצונדען.
אַלע געדאַנקען, געפילען,
עס ווערען פאַרשוואונדען.

אַזוי גייען די טעג,
אין ביטערען וויי,
און ס׳פאַרגייען די לעבענס,
פון די קינדערלאַך צוויי.

# אין מיין ווייטער היים.

אין מיין שטעטעלע ראשקאב,
אין אַ שטיבל אַ קליינס,
האָט געוואָקסען זיך דאָרטען,
אַ מיידעלע אַ שיינס.

אַ יונגע, אַ שטאָלצע,
איז זי געווען,
אַ אידישע טאָכטער,
מיט אידישען חן.

דער טאַטע, די מאַמע,
געציטערט איבער איר,
אַלע אין שטעטל,
געוואָלט זי פאַר אַ שניר.

יונגע בחורים,
שדכנים געשיקט,
איר בליק, און איר שמייכעל,
האָט יעדען אַנטציקט.

***

דאָס שטיבל דאָס קליינע,
פאַרברענט האָט אויף קויל,
אַ צווייִ פוסיקע חיה,
וואָס וואַרפט אָן אַ גרויל.

מיין טאַטע מאַמע,
פאַרהונגערט אָן ברויט,
מיין שוועסטער די יונגע,
פאַרפייניגט צום טויט.

פאַר טויזענטער מיילען,
איך הער איר געשריי,
כ׳קען איר ניט העלפען,
כ׳פיל נאָר איר וויי.

מיין נשמה איז צעוויינטאָגט,
דאָס פּנים פאַרשעמט,
קיין טרערען צו וויינען,
ס׳האַרץ איז פאַרקלעמט.

## פאַרגעסען וויל איך.

כ׳זוך קיין פרייליכקייט פאַר זיך,
און כ׳זוך ניט קיין תענוגים —
כ׳וויל נאָר אויף אַ ווייל פאַרגעסען
מלחמה — און הרוגים.

כ׳וויל נאָר אויף אַ ווייל פאַרגעסען
די זיפצען און די טרערען;
כ׳וויל אַביסל זיך באַפרייען
פון דעם געמיט, דעם שווערען.

כ׳וויל ניט טראַכטען ווי עס שמאַכטען
אין די געטאָס מיינע ברידער,
כ׳וויל אָן אַלצדינג איצט פאַרגעסען,
נאָר ניט אָן מיינע לידער...

# ניט פאַר כבוד.

ניט פאַר כבוד, ניט פאַר געלט
שרייב איך מיינע לידער;
כ'וויל פאַרגרינגערען דאָס האַרץ,
דערפרייען מיינע ברידער.

כ'וויל זינגען זיי אַ ליד פון טרייסט,
אַביסעל זיי פאַרטומלען;
וואָס קען איך מער פאַר זיי דען טאָן —
אַז עס שווייגען אַלע הימלען ? !

אַז דער באַשעפער פון דער וועלט,
פאַרגעסט אָן זיינע פליכטען;
און קוקט פון אויבען רוהיג צו
ווי מ'טוט זיין וועלט פאַרניכטען...

אָ, וואָלט איך נאָר אַ גאָט געווען,
וואָלט איך מיין פאַך פאַרשטאַנען,
און קיינער וואָלט ניט אין מיין חוב
געדאַרפט מיך ערשט דערמאָנען.

כ'וואָלט אויסגעראָטען פון דער וועלט
די מערדער, און די רויבער,
כ'וואָלט איינגעשטעלט אַ שיינע וועלט
אַ וועלט פון פראַכט, און צויבער.

## באַשאַף, און באַשעפער.

די שיינע לבנה,
גייט אויף און פאַרגייט;
די זון — אירע שטראַלען
די גאָלדענע שפּרייט.

דער ים וואַרפט די כוואַליעס
אַריין און אַרויס;
די ערד גיט די תבואות
אַרויס פון איר שויס.

דיין יעדע באַשעפעניש
טוט זיין געבאָט!
שטיל נאָר געבליבען
ביזטו, אונזער גאָט!

ווי איינער וואָס שלאָפט
אַ פאַר׳כשופ׳טען שלאָף!
דו זעהסט אונזער צער ניט,
דו הערסט ניט דעם רוף!

שטיי-אויף אונזער גאָט!
גענוג שוין צו שלאָפען!
דיינע פאַרוואָגעלטע קינדער —
הער-אויף שוין צו שטראָפען!

# האַרבסט.

ס׳גרינען מער שוין ניט קיין גראָזען,
טרוקען זענען זיי, און שוואַרץ;
און די בייזע ווינטען בלאָזען —
ס׳איז אַן אומעט אויפ׳ן האַרץ.

פון די בוימער פאַלען בלעטער,
פאַלען וועט אויך באַלד אַ שניי;
וואו־זשע זענען איצט די געטער,
וואָס איך האָב געגלויבט אין זיי?

ס׳וועט דער ווינטער אויך באַלד קומען
און וועט ברענגען פראָסט און קעלט —
וואו־זשע זענען מיינע טרוימען
פון אַ ליכטיג־שיינער וועלט?

## ווער זאָגט ?

ווער זאָגט אַז דער הימעל
איז מער שוין ניט בלוי ?
ווער זאָגט אַז די וועלט איז
פאַרכמאַרעט און גרוי ?

ווער זאָגט, אַז די זון היינט
מיט גאָלד מער ניט שטראַלט?
אַז עס טאַנצט ניט, און זינגט ניט
דער פויגל אין וואַלד ?

ניט אמת, ניט אמת !
געזעהן כ'האָב אַליין
ווי בלוי ס'איז דער הימעל !
די לופט אַזוי ריין !

די זון, ווי זי שיינט נאָך
מיט גאָלדענעם גלאַנץ !
ווי ס'זינגט נאָך דער פויגל
און דרייט זיך אין טאַנץ !

דער זעלביגער וואַלד
אויך, דאָס זעלביגע פעלד !
געביטען ביזטו נאָר,
זעהסט אַנדערש די וועלט !

דו קענסט זיך ניט פרייען
מיט דעם וואָס איז שעהן —
ווען ס'טראָגען זיך טענער
פון יאָמער־געוויין...

## ווען, אוי ווען ?

אוי, ווען וועט איר פּאָעטען,
שוין אויפהערען „באַזינגען"
דאָס בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסען,
וואו באַיאָנעטען קלינגען ?

די טרערען פון די מאַמעס
און פון די יונגע כלות;
דאָס וואָגלען פון די אידען
און זייער גרויסען דלות ?

דער וועה־געפיל פון אינגלאַך,
וואָס ס'לעבען איז זיי טייער,
און מיט פאַרמאַכטע אויגען
זיי מוזען געהן אין פייער ?

ווען וועט איר צוריק באַזינגען
די וואונדער־וועלט די שיינע;
דעם הימעל און די שטערען,
די וואַסערען די ריינע ?

די פויגעלאַך די בלומען
וואָס וועקען די געפילען
פון אַלע מענשען קינדער —
צו פרייען זיך און שפּילען.

# אין מוטער׳ס טאָג.

עס האָט מיר אַ חלום,
אין פינסטערער נאַכט,
פון יוגענט, פון מיינער,
זכרונות געבראַכט.

אַ גרוס פון מיין שטעטל,
פאַרגעסען שוין לאַנג,
אַ גרוס פון מיין קינדהייט —
פון פרייד און געזאַנג.

אַ גרוס פון מיין טאַטען,
מיין האַרציקער מאַמען,
וואָס האָט מיט אַ ליבע
געליבט מיך אָן צאַמען.

זי האָט מיך געצערטעלט,
געגלעט מיר דעם שטערען,
און האָט פון די אויגען
געווישט מיינע טרערען:

„גענוג דיר שוין וויינען ! —
האָט זי מיר געזאָגט —
די נאַכט, זי פאַרגייט שוין !
דו זעסט דאָך: עס טאָגט!״

בעט איך דיך גאָט,
אויב ניט אויף דער וואָר,
איז אין חלום זי זען,
כאָטש איין מאָל אין יאָר!

## פאָטער'ס טאָג.

מיין טאַטע געטרייער,
היינט איז דיין טאָג,
וויל איך דיר שענקען,
וואָס איך פאַרמאָג.

פאַרמאָג איך אַ האַרץ,
מיט געפילען צו דיר,
קענסטו דאָס נעמען,
אַלס מתנה פון מיר.

און ביי גאָט, דעם באַשעפער,
איך בעט מיט כונה:
זאָלסט לאַנג זיך נאָך פרייען,
מיט אָט דער מתנה.

## אין מוטער'ס טאָג.

נישטאָ קיין ווערטער אויסצודריקען,
די געפילען צו מיין מאַמען;
ס'איז ניט געבוירען אַזאַ שפּראַך,
ניט אין פּראָזע, ניט אין גראַמען.

פון דער וועלט די גרעסטע שבחים
פאַר איר, זענען ניט גענוג;
כ'וועל זי אין מיין האַרצען טראָגען
ביז מיין לעצטען אָטעם-צוג.

כ'וועל זי טראָגען אין מיין האַרצען,
דאָרט איז איר געצעלט,
כאָטש עס איז שוין לאַנגע יאָרען
זינט זי האָט פאַרלאָזט די וועלט...

## אַ מאַמע צו איר ערשטלינג.

דו ביזט די טייערסטע מתנה,
וואָס גאָט האָט מיר געשענקט;
ביזט דאָס צויבערענדיק באַשעפעניש,
נאָך וואָס איך האָב געבענקט!

דו ביזט מיין גליק, מיין האָפענונג,
מיין רייכטום און מיין געלט:
מיינע דימענטען, בריליאַנטען —
מיין אַלעס אין דער וועלט!

דו ביזט אַ זונענשטראַל פון הימעל,
וואָס באַשיינט מיין לעבענסוועג;
דו ביזט מיין אינספּיראַציע,
וואָס מאַכט גליקלאַך מיינע טעג.

ביזט מיין הארץ, און מיין נשמה,
ביזט אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג;
ביזט מיין שטערען ליכטיגער —
דו ביזט מיין אטעמצוג! ...

## מיין זיידע האָט מיט מיר מיטלייד.

איך האָב געהאַט אַן אַלטען זיידען,
איז ער לאַנג שוין אין גן־עדן,
קומט ער איינמאָל מיר צו חלום;
שטרעקט זיין האַנט, און גיט מיר שלום.

און מיט אויגען פול מיט פרייד
נעמט ער ריידען מאָדנע רייד:
„כ׳קום מיין קינד דיר הילף דערלאַנגען;
לעבסט אויף וועלט פון מענשען שלאַנגען".

„האָסט קיין היים, מען טרייבט מען יאָגט דיך,
מען באַליידיגט און מען שלאָגט דיך:
קום מיט מיר ! — ס׳איז דאָרטען בעסער,
נישטאָ קיין ביקסען ניט קיין מעסער".

„ניט קיין בלוט, ניט קיין טרערען,
קיין קרעכצען וועסטו דאָרט ניט הערען,
וועסט ניט האָבען דאָרט קיין שונאים,
קום מיין קינד, אַנטלויף פון דאַנען!".

# אין מוטער'ס טאָג.

פליען יאָרען ווי די פויגל,
זיי קומען מער ניט צוריק,
דערמאָן איך זיך אָן מיין מאַמען
טוט דאָס האַרץ אַ דריק.

פאַרשוואונדען זענען זיי די יאָרען,
פון פריידען, און פון פיין,
דער אָנדענק אָבער פון מיין מאַמען,
וועט אין מיין האַרצען אייביג זיין.

קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסען,
אירע גוטע, קלוגע רייד,
ווייל זיי האָבען אין מיין קינדהייט,
געבראַכט מיר גליק, און פרייד.

אָפט איז זי אַ קינד געוואָרען,
געשטיפט מיט מיר צוזאַמען,
געווען אַ ליבע חבר'טע,
און אַ האַרציק-גוטע מאַמע .

איז איר אָנדענק ביי מיר טייער,
כ'וועל אים ערליך האַלטען אימער,
אין מיין האַרצען וועט זי לעבען,
אין פריידען און אין קימער.

## די געפילן מיינע.

ווען די טריבע האַרבסט טעג קומען
און עס נעמען װעלקען בלומען,
פיל איך מיט מיט זייער פּיין,
ווי זיי וואָלטען מענשען זיין.

ווען אין וואַלד אַ בוים עס פאַלט,
גיט אַ ריס ביי מיר אין האַרץ;
ווען אַ קונדס צושטערט אַ נעסט,
פיל איך אויך דעם פויגל׳ס שמערץ.

ווען אַ שפין נאַר כאַפּט אַריין
אין איר נעץ אַמאָל אַ פליג,
מיש איך תיכף זיך אַריין,
און די שפין פאַרלירט איר זיג.

נאָר ווען שונאים טוען שלעכטס
צו מיין פאָלק אין הייליג לאַנד —
קאָן איך געבען בלויז אַ קרעכץ
צו מיין טיפער, גרויסער שאַנד...

## וואַקסען ביימעלאַך אין וואַלד.

זואַקסען ביימעלאַך אין וואַלד,
פאַרטריקענט שוין די בלעטער,
שרייען קינדערלאַך געוואַלד!
וואו איז אונזער רעטער ?

„ווער וועט געבען אונז אַ שטוב,
אַ וואַרעמע, אַ גראַמע ?
ווער וועט האָבען אונז איצט ליב,
אַז ס'איז נישטאָ די מאַמע?".

ווער וועט באַשיצען אונז פון ווינט
פון שנייען און פון קעלטען ?
עלענד זענען מיר אַצינד
אין די פרעמדע וועלטען !

פלוצים הערען זיי אַ שטים,
פון אַ לאַנד אַ ווייטען,
דאָס איז דאָס קול פון חלוצים:
„מיר וועלען פאַר אייך שטרייטען!".

מיר וועלען ברענגען אייך אַהער,
עס זאָל קאָסטען אונזער לעבען,
עס וועט נישט זיין קיין זאַך צו שווער,
אייך אַ היים צו געבען.

פרייע מענשען וועט איר זיין,
פאַרגעסען אָן די ליידען,
איר וועט ניט וויסען מער פון פיין
לעבען שוין אין פריידען.

# שטעטעלע מיינס.

אָ שטעטעלע מיינס !
וואו איז דיין רייץ ?
און וואו דיינע פעלדער,
מיט קאָרן און ווייץ ?
וואו זענען די פעלדער
מיט בלימעלאַך בלוי,
וואָס האָבען געשפּרייט זיך
אי דאָרטען, אי דאָ ?

אָ שטעטעלע מיינס,
וואו איז מיין הויז ?
די מענשען, צו וועמען
מיין ליבשאַפט איז גרויס ?
וואו זענען די שוועסטער,
די ברידער די פריינט?
וואו איז מיין טאַטע
מיין מאַמע שוין היינט ?

אָ שטעטעלע מיינס,
ווי ליב דו ביסט מיר,
כאטש מיין היים איז אַ חורבה,
קיין פענסטער, קיין טיר;
קיין פריינט, און קיין גואל,
נישטאָ שוין דאָרט מער —
און מיר אויפן האַרצען
איז שווער, אַזוי שווער ! ...

## אַ זכר פון מיין שטעטל

אין שטעטל אין מיינעם
ניט פֿאַראַנען שוין קיינער.
עס זען זיך נאָר
די בערג און די שטיינער.

קיין זכר פון מענשען
זענען דאָרט ניט פֿאַרבליבן —
די אידן פון שטעטל
אין לאַגער פֿאַרטריבן.

געשלעפּט זיי פון היימען,
געוואָרפן אין תפיסה,
געלאַכט זיי אין פּנים
ביי דער לעצטער גסיסה.

באַפוילן זיי גראָבן
דעם אייגענעם קבר,
מיט מעסערס געשניטן
עבר נאָך עבר.

מיין טאַטע, מאמע
געווען צווישן זיי —
קען מען באַשרייבן
אַזאַ ברענענדען וויי?

וואָס זענען דען ווערטער
אין פֿאַרגלייך מיט געפיל?
ס'איז אַ פֿאַרלעצונג,
אַ נאַרישער שפּיל.

איז בעסער ניט שרייבן,
ניט טראַכטן, ניט קלערן,
באַהאַלטן אין האַרצן
דעם צער און די טרערן.

בעסער דערציילן
פון פאַרגאַנגענע יאָרן;
אַלץ איז פאַרשוואונדען,
נאָר ניט דער זכרון.

---

כ׳געדענק גוט דאָס שטעטל
וואו איך בין געבוירן,
די שפּראַך און די מדות
פון די דאָרטיקע פויערים.

די לידער די האַרציקע
מיט זייער טרויער
וואָס עס פלעגט זינגען
דער דאָרטיקער פויער.

אָפט מאָל אין חלום,
און אַפילו אויף דער וואַך,
זע איך דעם „דניעסטער“,
דעם ריזיקן טייך.

ווי ער שלענגעלט און גיסט זיך
מיט גוואַלדיקע שטראָמען,
און לאָזט ביי די ברעגעס
די זילבערנע שוימען.

און ווינטער פֿאַרפֿרירט ער,
מע קען אויף אים פֿאַרן;
שטייט ער מאַיעסטעטיש
ווי פֿאַרפֿרוירן שוין יאָרן.

רוהט ער דעם ווינטער,
פֿאַרזונקען אין דרימל;
אין פֿרילינג דערוואַכט ער
מיט רעש און מיט טומל.

דאָס איז ווערט צוגאַנגען,
עס לעבט אויף דער „דניעסטער" —
פֿאַר די מענשן פֿון שטעטל,
דער ספּעקטאַקל דער גרעסטער.

באַרזשעס און שיפֿן
פּייפֿן און זשומען —
אַ בשורה אַ גוטע:
דער פֿרילינג וועט קומען!

---

און אויף אַ בערגל,
אַ ביסעלע העכער,
זעען זיך שטיבער
מיט גרינבליכע דעכער.

מיט פֿענסטערלעך ריינע,
מיט ווייסן פֿאַרהאַנגען,
זעט מען פֿון דאָרטן
די פֿעלדער מיט זאַנגען.

אַרום זענען סעדער
געווען פאַר די אויגן,
ביימעלעך צאַרטע
פון ווינט זיך געבויגן.

דאָס שטעטל פאַרטרינקען
מיט זונשיין אין גאַנצען,
טראָגן זיך רחות
פון אַלערליי פלאַנצען.

די אַקאַציעס צובליטע,
מיט ווייסן באַדעקטע
ברענגען געפילן,
ערשט נייע דערוועקטע.

---

און עס האָבן אויך נסים
אין שטעטל געטראָפן,
עס האָט זיך אַ וועלדל
פון זיך געשאַפן.

ס'האָט קיינער געאַרבעט,
זיך נים באַמיט
עס האָט זיך אַליין
פון זיך צובליט.

ווייל איך דאָ זיכער
נים איבערטרייבן;
איך זאָג אייך, אַ וועלדל —
נים צו באַשרייבן!

דיביימער צום הימל
זיך געריסן מיט כח,
מיט גראָזן, מיט בלומען,
מיט זאַפט און מיט ריח.

פלעגן אויף די ביימער,
וואָס האָבן קיין גלייכן,
אַלערליי פייגל
נעסטן זיך מאַכן.

זיי האָבן פאַרהילעכט
דעם וואַלד מיט געזאַנגען,
עס פלעגן זיך הערן
אין שטעטל די קלאַנגען.

---

כ׳וועל אויך ניט פאַרבייגיין
די ראשקעווער מילן.
עס פלעגט דאָרט די יוגנט
פאַרברענגען און שפּילן.

ביי די וואסערן שטילע,
וואָס האָבן גערינען,
האָבן זיי יונגע
חלומות געשפּינען.

געזונגען דאָרט לידער
אונטער דעם הימל,
געשאַנקען זיך איינער
דעם צווייטן אַ בלימל.

און ווען אויפן הימל
האָבן באַוויזן זיך שטערן,
האָבן דערוואַכט ביי זיי
יונגע באַגערן.

געקלאַפּט און גערודערט
האָבן די מילן,
אַזוי ווי אין האַרצן
ביי זיי די געפילן.

---

כ׳געדענק אויך די סקאַלעס
וואָס גרייכן די הימלען,
שוין הונדערטער יאָרן
דאָרטן זיי דרימלען.

עס פלעגן אַרומגיין
אין שטעטל לעגענדעס,
אַז אין די סקאַלעס
האַלטן זיך באַנדעס;

באַנדעס באַנדיטן,
פון געגנט דעם גאַנצן,
פּראַווען הולאַנקעס,
טרינקען און טאַנצן.

פון נעכטן דעם רויב
זיי טיילן אָהן זאָרגן,
פאַר קיינעם ניט מורא,
פון יעדן פאַרבאָרגן.

ביי דער זייט פון די סקאַלעס,
דער אַלטער בית-עולם —
עס זענען באַהאַלטן
דאָרט די גדולים.

רבנים, דינים
פון גאָר אַלטע צייטן,
פון היימישן שטעטל,
פון שטעטל דעם ווייטן.

די אַלטע מצבות
שוין לאַנג אָפּגעריבן,
קיין סימן פון נעמען
איז מער ניט פאַרבליבן.

---

און ווייטער אַ ביסל
גרינען די טאָלן,
אַ מאלער אַ גרויסער
האָט זיי געמאָלן.

---

די גרינע טעפּיכער
אויף מיילן צעשפּרייטע,
מיט בלימעלעך געלע
אויף גרינעם פאַרזייטע.

און נאָך עפּעס וויל איך
פון מיין שטעטל דערמאָנען —
די קוואַלן די טיפע
וואָס זענען דאָרטן פאַראַנען.

קוואַלן וואָס זענען
דורות שוין אַלטע,
אין די היצן די גרעסטע
זייערע וואַסערן קאַלטע.

פרעג איך: וואו קען מען
נאָך אַזאַ שטעטל געפינען,
עס זאָל אין די גאַסן
קוואַלן גאָר רינען?

---

אויך די מענשן געדענק איך,
אין שטעטל אין מיינעם,
דעם בעל־עגלה פאַרגרעבטן,
דעם משכיל דעם פיינעם.

קבצנים אין שטעטל —
איך קען ניט פאַרגעסן —
פאַרלאָשענע אויגן,
טעג ניט דערעסן.

נאַקעטע, באָרוועסע,
געקליידעט אין שמאַטעס,
צעריסענע שיך,
און שטיוול מיט לאַטעס.

און די פרויען אין גאַנצן
פון וועלט אָפּגעריסן,
פאַרזאָרגט און פאַריאָמערט —
וואו נעמט מען דעם ביסן?

די מענער געהאָלפן
אין דער פּרנסה,
אַריינברענגען כאַטש
אַ ביסעלע הכנסה.

---

קינדערלעך קליינע
וואָס לערנען די תורה
גיין אַרום —
מיט שטענדיקער מורא.

שדים און רוחות !
דער קאַנטשיק אין חדר —
דאָס וואָס זיי הערן
און זען כסדר.

---

פאַרגאַנגען זענען שוין
יאָרן און יאָרן.
דאָך זע איך מיין שטעטל
ביי מיר אין זכרון.

אַלעס געדענק איך!
כ׳ וויל דאָס פאַרשרייבן.
זאָל פון מיין שטעטל
אַ זכר כאָטש בלייבן !

# יום-טוב לידער



## אַלטע קשיות.

גאָט אין הימל, דיך אַליין,
וויל איך קשיות פרעגען,
ווייל ס'איז שווער מיר צו פאַרשטיין,
דיינע זעהר מאָדנע וועגען:

וואָס דאַרפען מענשען זיין פאַרשידען;
און איינגעטיילט אין ראַסען?
דייטשען, רוסען, פוילען, אידען,
און איינם דאָס צווייטע האַסען?

וואָס דאַרף אַ וועלט אַ וואונדער-שיינע,
אין בלוט פאַרטרונקען ווערען?
וואָס דאַרף מען שווער-דערוואָרבענע-היימען,
צוברעכען, און צושטערען?

יאָרען קומען, יאָרען גייען,
כ'בין קליגער ניט געוואָרען,
כ'קען ביז היינט נאָך ניט פאַרשטיין;
וואָס דאַרף די בלום אַ דאָרן?

## קשיות און תפילות.

מיד בין איך פון קשיות פרעגען,
מיד בין איך פון וואַרטען,
ווען וועסטו אונז גאָט שוין ברענגען,
אין לאַנד, אין דעם געגאַרטען ?

ווען וועסטו אונז שוין באַפרייען,
פון חורבן, און פון גלות ?
פון די אָפּגרונטען די טיפע,
פון בלוטיקע מפּלות.

דו האָסט גלויבענס אונז געגעבן,
זענען לאַנג שוין צושטערטע,
האָסט גזרות אויף אונז אָנגעשיקט,
נאָך קיינמאָל ניט געהערטע...

עלענד האָסטו אונז געלאָזען,
אַזוי ווי ביטערע יתומים
וואָס האַלטען שוין אין פאַרלירען,
זייערע האָפענונגען און טרוימען.

גיב-זשע גאָט, אונז מוט און כוח,
קער אונז אום אונזער בטחון !
מיר זאָלען קענען רואיג וואַרטען,
אויף דער צייט פון דעם נצחון.

גיב אונז האָפענונג און גלויבען,
טו שוין אָפּ פון אונז דיין צאָרן !
פון דיין שטאָלצען פאָלק ישראל
איז אַ בעטלער שוין געוואָרען! ...

## חג הביכורים.

**(שבועות אין די בית־המקדש צייטען).**

איבער די ברייטע וועגן פון גליל
פילגרימען אין די טויזענטער ציען;
זיי לאָזען זיך הערען פון ווייטען —
הערצער פון פרייד ביי זיי גליען.

דאָס פרייט זיך אַ פאָלק, וואָס איז פריי,
און לעבט זיך אין אייגענעם לאַנד;
געניסט זיך די פרוכט פון זיין אַרבייט,
פון אַרבייט מיט אייגענער האַנט.

עולה רגל זיין גייען זיי איצטער
מיט פרייליכע הלל־געזאַנגען;
ס'לאָזען פון ווייטען זיך הערען
פון האַרפּעס די געטליכע קלאַנגען.

אויף אָקסען, מיט הערנער באַגילדעטע
די צייטיקע פרוכטען זיי פירען;
זיי ציען צו דעם בית־המקדש
וואו ס'זענען שוין אָפען די טירען.

און דאָרטען די כהנים, לויים,
נעמען מיט פרייד די מתנות;
די אָקסען מיט די גאָלדענע הערנער —
נעמען זיי אָן פאַר קרבנות.

ס׳פאָלק אין די גאַסען צושפּרייט זיך,
ס׳ווערט פריילאַך געטאַנצט און געזונגען;
די טעכטער, די שיינע פון ציון,
טאַנצען אויך מיט — מיט די יונגען.

און ס׳ווערן געשלאָסען שידוכים
אין די גערטנער פון ירושלים —
אַזוי האָבען געלעבט אונזערע אבות
אין הייליגען לאַנד, זייער פרייען...

## זאָל פלאַטערן די פאָן פון ציון !

געגוג זאָל זיין שוין קשיות פרעגען,
מיד בין איך שוין פון זיי,
נאָך פון אַלע עקען וועלטען,
הערט ניט אויף דער ווײ־געשריי.

אַלץ מ׳פייניקט און מ׳יאָגט אונז,
מ׳פרופט דערשטיקען אונזער מוט,
און אויף אַלע וועגען, שטעגען,
רינט און גיסט זיך אונזער בלוט.

נאָך שמאַכטען ברידער אין די געטאָ׳ס,
נישטאָ קיין היים וואוהין צו גיין,
און מיר ווי די קינדער פרעגען קשיות
און פאַרגעסען אָפט זייערע וויי̈ען.

איז ניט מער חלום׳ען פון יושר,
געפאָדערט זאָל זיין אונזער רעכט !
קעמפען זאָלען מיר ווי העלדען,
ביז דער ציל וועט זיין דערגרייכט !

אָפען זאָל זיין טיר און טויער !
פאַרגעסען זאָל שוין זיין דער טרויער,
וואַקסען זאָל דאָס לאַנד און בליען
עס זאָל פלאַטערען די פאָן פון ציון !

# מאָדערנע קשיות.

עס פרעגט היינט דעם טאַטען,
פיר קשיות זיין קינד,
ענטפער מיר טאַטע,
וואָס איך פרעג דיך אַצינד:

„ס'האָט מיך דער רבי,
געלערענט אין חדר,
אַז גאָט איז אַ גוטער,
ער העלפט אונז כסדר."
„ער גיט אונז די קליידער,
אויך עסען צו זאַט,
איך אָבער טאַטע —
פאַרשטיי ניט דעם גאָט".

„צו וואָס האָט ער אונז,
איצט ווייטער געגעבען,
אַ שונא אַ ווילדען,
וואָס רויבט אונזער לעבען."

„וואָס טרייבט אונז פון לאַנד,
וואָס ס'איז אונז אַזוי טייער,
יונגע לעבענס צושטערט ער,
מיט שווערד, און מיט פייער".

„ער רויבט אונזער זיכערקייט,
און שטערט אונזערע צילען,
אונזער ווילען צו לעבען,
אַ לעבען אַ שטילען".

„אַ לעבען אַ שטילען,
מיט מענשלעכע רעכט,
ווי אַנדערע פעלקער,
ניט ווי קיין קנעכט.״

„דערקלער־זשע מיר טאַטע,
דעם שכל דערפון,
אויב גאָט איז אַ גוטער —
ווי קען ער דאָס טאָן?״

דאָס זענען אַלטע קשיות מיין קינד,
עס זענען טויזנטער דורות פאַרשוואונדען,
און קיינער האָט נאָך ביז איצינד,
ניט באַוויזען דעם סוד צו דערגרינדען.

ס׳וועלען קומען אין גיכען די שטונדען,
ווען מיר וועלען באַזיגען דעם פיינט!
פאַרהיילען וועלען זיך די בלוטיגע וואונדען,
מיר וועלען פאַרגעסען דעם טרויער פון היינט.

מיר וועלען געניסען די פריידען פון לעבען,
די פריידען פון שאַפען, און זיין, —
צו פרייהייט וועט זיין אונזער שטרעבען,
ניט וויסען שוין מער פון קיין פיין.

אונזער גייסט וועט זיך שטאַרקען, דערהויבען,
הויך וועלען מיר טראָגען אונזער פאָן!
מיר וועלען דערשפירען די פריידען פון גלויבען,
ווי מיר שפירען, די שטראַלען, פון ליכטיקער זון.

## שבועות.

ווי שעהן דער פרילינג איז אַצינד!
ווי שעהן דער יום-טוב שבועות!
איך וועל אין וועלדעל באַלד גיין —
עס איז דאָרט היינט אַ חיות!

כ׳וועל גרינע צווייגען ברעכען דאָרט
און וועל אַהיים זיי ברענגען;
דאַן וועל איך אין מיין שטיבעלע,
מיט זיי די ווענט באַהענגען.

אויך בלומען וועל איך אָנקלייבען,
מיט פאַרבען פון אַלע מינים;
פאַרוואַנדלען כ׳וועל מיין שטיבעלע
אין אַ וואַלד אַ גרינעם.

איך וועל די קליינע פענסטערלאַך
מיט בלעטעלאַך פאַרדעקען;
אַ מגן-דוד אויסקלעפּען —
וואָס וועט פון וייטען שמעקען !

און גרינע גראָזען וועל איך אויך
אויף די פּאָדלאָגעס שפּרייטען;
די מילכעדיקע סעודה וועט
דערוייל די מאַמע גרייטען.

און ווען דער טאַטע קומען וועט
פון זיין אקדמות זאָגען —
וועט אַ וואַלד-ריח זיך אים
פון שטוב אַקעגנטראָגען...

# אַן אמתּה מעשה.

ביי מיר אין מיין שטעטעל,
„ראשקאָב" איז דער נאָמען,
איז געוואָקסען אַ בחור,
ביי אַ שוחט אַ פרומען.

ניט ווייט פון דעם שוחט,
לעבען דעם טייך „דניעסטער",
האָט געלעבט אַ משפחה,
מיט אַ טעכטערל „אסתר".

איז אסתר געוועזען ניט נאָר אַ שיינע,
נאָר אַ קלוגע, געבילדעטע אויכעט,
האָט זיך אין איהר שטערבליך פאַרליבט,
דער בית־המדרש'ניק, הערשל דעם שוחט'ס.

ער פלעגט אויף איר קוקען,
נאָר פון ווייטען בגנבה,
ווייל פאַר אים האָט ניט געפּאַסט
קוקען פריי אויף אַ נקבה.

הערשל איז געוועזן אַ למדן,
האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות,
מ'האָט גערעדט אים שדוכים,
מיט אַ סך נדן, און מתנות.

װען ער האָט אסתר׳ן דערזעהן,
איז אַריין אין אים אַ פייער,
פון דעם ערשטען בליק אויף איר,
איז זי אים געוואָרען טייער.

און פון דעם מאָמענט האָט ער,
שוין מער קיין רו געפונען,
טאָג און נאַכט, האָט ער געטראַכט,
װי אַזוי זי צו געווינען.

ער פלעגט אין בית-המדרש זיצען,
קנייטשען טיף דעם שטערען,
און מאַכען פלענער װי אַזוי,
איר זיין ליבע צו דערקלערען.

ער האָט באַשלאָסען איר צו זאָגען:
אַז ער וויל קיין קעסט, קיין נדן,
אַז ער איז רחמנא לצלן,
זיך גרייט פאַר איר צו שמד׳ען!

און די קלוגע שיינע אסתר,
האָט געהאַט געניג פאַרערער,
זי האָט גאָר אַן אויג געוואָרפען,
אויף שלום׳קע דעם לערער.

שלום׳קע איז הערשעל׳ס חבר,
אַ בחור, שלאַנק, און איידעל,
און ער שרעקט זיך גראַדע ניט,
פאַר קיין שיינע מיידל.

אָט אַזוי גייט זיך די צייט,
הערשל לעבט אין חלום,
און אסתר ווערט דערווייל אַ כלה,
פאַר זיין חבר שלום.

זייט דאַן איז הערשעלע דעם שוחט׳ס,
גאָר אַן אַנדער מענש געוואָרען,
ער פירט זיך אַזוי מאָדנע אויף,
ווי ער וואָלט דעם פאַרשטאַנד פאַרלוירען.

ער רעדט ניט צו קיינעם,
און שלאָפט ניט באַנאַכט,
ער פאַרגעסט זיינע ספרים,
און איז אימער פאַרטראַכט.

זיין פנים איז בלאַס,
דער גוף איז געבויגען,
אַזוי ווי ביי אַ זקן,
זענען פאַרלאָשען די אויגען.

עס גייען אַרום קלאַנגען,
ער האָט פאַרלוירען זיין זינען,
מ׳האָט אים אין בית-המדרש,
אויפן בוידעם געפונען.

מ׳זעט אים זיך דרייען,
ביי די ברעגעם פון דניעסטער,
און מ׳הערט ווי ער שעפּטשעט;
איין וואָרט נאָר: „אסתר״.

## ס'איז שווין שפּעטער

דו ביזט פֿאַרשמאַיעט
טאָג און נאַכט;
פֿאַרגעסט אין זיך
אויך ווען דו קרענקסט;
קוק אַרום זיך,
ליבער פֿריינט —
ס'איז שווין שפּעטער
ווי דו דענקסט...

יאָרן שטייען ניט
אויף אַן אָרט;
דיינע יאָרן —
דו צושענקסט;
גענים פֿון לעבען
כל זמן דו קענסט —
ווייל ס'איז שווין שפּעטער
ווי דו דענקסט...

ניט פֿאַרשווענדעט
דיין טאָג אין זאָרגען;
פֿאַרשאַף דיר אַלץ,
נאָך וואָס דו בענקסט;
ווייל ניט דיינער
איז דער מאָרגען —
ס'איז שווין שפּעטער
ווי דו דענקסט...

# קינדערשע מעשה'לאַך און לידעלאַך



## פון שול אַרוים

נעמט אַוועק פון מיר די ביכער,
רוען וויל איך שוין וואָס גיכער!
לערנען וויל איך שוין ניט מער —
גיט די פרייהייט מיר אַהער!

בלומען בליען אין די פעלדער,
פויגל זינגען אין די וועלדער —
וויל איך רויטע בלומען שמעקן —
זיך מיט מאָרגן טוי באַדעקן!

וויל איך פריילאַך, מיט געזאַנגען,
הערן זיסע פויגל קלאַנגען —
וויל איך ווידער אויף דאָס ניי —
ווערן ווי אַ פויגל פריי.

# וואַקאַציע.

עס לויפן קינדער, מיט געפּילדער,
ווערן וואָס אַמאָל אַלץ ווילדער,
שוין וואַקאַציע אַצינד;
פריי זיין, פריי זיין ווי אַ ווינט.

לויפן קינדער מיט געשרייען,
און זיי ווילן וואָס זיי זעען,
און די מאַמעס מיט רחמנות;
קויפן אַלערליי מתנות.

מאַכן קינדער טאַראַראַם,
זינגען לידעלאַך צום גראַם,
אי, אי, יאי, יאי,
אוי, ס׳איז גוט צו זיין שוין פריי.

מירן אין די וועלדער גיין,
מיט די פייגעלאַך זיך פרייען,
מירן פריי זיין גלייך מיט זיי,
רייסן בלומען, וויים ווי שניי.

מירן פלעכטן פון זיי קראַנצן,
מירן שטיפן, מירן טאַנצן,
מירן זינגען אי, אי, יאי,
מירן זיין ווי ווינטן פריי.

## דאָס וועוועריקל.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
כאַפּט אַ וועווריק אַ שפּאַציר,
פּלוצים קומט אַ יעגער אָן,
און פאַלט אויף דעם וועווריק אָן.

אַוועק דו יעגער דו, אַוועק !
שרייט דאָס וועווריקל מיט שרעק,
און איידער וואָס, און איידער ווען,
פאַלט דאָס וועווריקל אַוועק.

איינס, צוויי, צוויי, דריי,
דאָס וועווריקל איז שוין פאַרביי,
אָרים וועווריקל דו מיינס,
אומזיסט גערויבט דאָס לעבען דיינס.

## דאָס יונגע וועווריקל.

אַ וועווריקל גרוים ווי אַ מייזל,
איז צום ערשטן אַרוים פון זיין הייזל,
און מיט אַ שפּרינגנדיק, גאַנגעלע גיכען,
איז דאָס געלאָפען פאַר זיך ניסעלאַך זוכען.

איז דאָס וועווריקל אַרויף אויף אַ ביימעל,
און האָט גענומען די ניסעלאַך רייסען,
זענען די ציינדעלאַך געווען ביי אים קליינע,
האָט ער ניט געקענט זיי צובייסען.

איז צו הילף אים געקומען זיין מאַמע,
האָט אים געהאָלפען די ניסעלאַך קנאַקען,
האָט צום ערשטען, דער וועווריקעל קליינער,
פאַרזוכט פון דעם ביסען געשמאַקען.

# אַ חלום אַזאַ.

אַ קליין מיידעלע חיה׳לע,
מיט איר חבר׳ל שעיה׳לע,
האָבען גענומען מיט זיך שיסעלאַך,
זענען אַוועק אין וואַלד אַריין,
רייסען דאָרטען ניסעלאַך.

אין מיטען דעם וואַלד,
זענען זיי געבליבען שטיין,
ניט געוואוסט דעם וועג,
וואוהין צו גיין.

אַ וועג אַהער,
אַ וועג אַהין,
מ׳בלאָנדזשעט אים,
מ׳ווייסט ניט וואוהין.

דער וואַלד איז גרויס,
גאָר אָהן אַן עק,
די קינדער ציטערען,
פון מורא און שרעק.

די נאַכט קומט אָן,
עס פאַלען שטערען,
באַגיסען די קינדער
זיך מיט טרערען.

איך וויל אַ היים,
זאָגט חיה׳לע,
און איך אויך,
וויינט שעיה׳לע.

אין דער היים,
דערציילט די באָבע,
מעשה׳לאַך מיר,
פון אַ גרינער זשאַבע.

פון אַ שלאַנג,
גרוים און לאַנג,
און פון אַ הינדעלע,
אַ ראַבע.

פון אַ ווילדען,
שוואַרצען בער,
וואָס זיין גוף
איז גרוים, און שווער.

— האָב איך פאַר אים
אַזוי שטאַרק מורא,
ער קען נאָך קומען,
איצט אַהער.

און ווי די ווערטער,
זי רעדט נאָר אַרוים,
קומט פון וואַלד,
אַ בער אַרוים.

— ער שטעלט זיך ביי
די קינדער אָפּ,
מיט אַ פּוס,
טוט ער אַ טופּ.

טוט אַ רעווע,
טוט אַ ברום,
און שרייט אוים —
מיט אַ ווילדער שטים:

„איר מענשען קינדער!
וואָס טוט איר דאָ?
פאַר וואָס גיט איר אונז,
ניט קיין רו?".

„איר האָט היימען
שיינע און ליכטיקע,
בעטען ריינע —
און ציכטיקע".

„מיר מוזען ליגען,
אין די לעכער,
אָהן טירען, פענסטער,
און אָהן דעכער.

מיר מוזען זיך —
פון אייך באַהאַלטען,
אין די גריבער,
אין די שפּאַלטען.

„גייט פון דאַנעט!
ס'איז קיין אָרט פאַר אייך,
דאָ איז אונזער —
אייגען קעניגרייך!"

דערשראָקען קוקען זיך —
די קינדער אָן,
עס וואַרפט אַ צאָן —
זיי, אין אַ צאָן.

און מיט אַמאָל —
ווערט דער בער פאַרשוואונדען,
עס האָט אַ זון,
זיך אָנגעצונדען.

עס האָבען שטראַלען,
זיך צושפּרונגען,
זייגערם האָבען זיך,
צעקלונגען.

האָט חיה'לע געעפענט,
אירע אויגעלאַך,
האָט זי ניט געזעהן —
קיין בער, קיין פויגעלאַך.

זי איז שטיל געלעגען,
אין איר ציכטיק בעטעלע,
און לעבן איר —
איר שוועסטער עטעלע.

די מאַמע מיט ליבע
האָט געוועקט זי צאַרט,
שטיי אויף קינד,
דער פרישטיק וואַרט.

## דאָס גאָלדענע קערענדעל.

אַמאָל איז געווען אַן אַלטעטשקע באָבע,
האָט זי געהאַט אַ הינדעלע אַ ראָבע,
אַ הינדעלע אַ ראָבע, אַ קעצעלע, אַ מייזעלע,
געלעבט האָבן זיי זיך, אין אַ קליינטשינקען הייזעלע.

האָבן זיי געלעבט זיך, אין אָט דעם הייזעלע,
אין זייער אייגענעם קליינינקען קרייזעלע,
אָרים, און עלענד, פון יעדען פאַרגעסען,
שטענדיק געזאָרגט זיך, וואו נעמט מען צום עסען.

איז ווען די באָבע האָט געטאָן אירע פעדעמלאַך שפּינען,
איז דאָס הינדעלע אַוועק עפּעס עסען געפינען,
די קאַץ איז געלעגען ביי דער באָבען אויפן שויס,
פון לאָך האָט אַרויסגעקוקט די הונגעריקע מויז.

האָט די הינדעלע אַזוי לאַנג געפּאַרקעט,
מיט די פיסעלאַך מיט שפּאָרן,
ביז זי האָט געפונען אַ קערענדל,
פון געל-גאָלדען קאָרן.

איז זי מיט פרייד אין שטוב-אַריין געלאָפען,
באָבעניו זע, כ׳האָב אַן אוצר געטראָפען!
ווער-זשע וועט איצט אין פעלד אַריין גיין,
דאָס גאָלדענע קערענדל דאָרטען פאַרזייען?

שרייט די באָבע אוים מיט צאָרן:
לאָז צורו מיך מיט דיין קאָרן!
קעצל מיאַקעט מיט רחמנות:
מיאַ, ס׳איז קאַלט מיר, אַ סכנות.

איז דאָס הינדעלע אַוועק אַליין,
אין פעלד דאָס קערענדל פאַרזייען,
און בעפאָר עס איז די זון פאַרגאַנגען,
האָט זי איר אַרבעט אָפּגעטאָן.

און ווען אויפן פעלד דער קאָרן,
איז ענדלאַך צייטיק שוין געוואָרען,
זאָגט דאָס הינדעלע דאָס ראַבע,
צום קעצל, מייזל, און דער באָבען:

ווער וועט זיין אַצינד דער העלד,
דעם קאָרן ברענגען פון דעם פעלד?
ס'איז ניט איידל, און ניט שיין,
מיך לאָזען אַרבעטען איינע אַליין.

קרעכצט די באָבע, איך בין אַלט,
דאָס קעצל וואַרטשעט: מיר איז קאַלט,
דאָס מייזל טוט אַ קלוגען שמייכל:
פאַררייסט דעם עקל, לויפט אין לעכל.

האָט דאָס הינדעלע קיין ברירה,
כאָטש פאַרהונגערט און פאַרשמאַכט,
האָט זי אַליין דעם געלען קאָרן,
פון פעלד, צו זיך אַהיים געבראַכט.

זי זאָגט קיין וואָרט צו איר משפחה,
אַליין זי לויפט אויף בערג, און טאָלען,
אַ ווינטמיל ערגעץ צו געפינען,
אויף מעל, דעם קאָרן צו צומאָלען.

און ווען ס׳איז פון דעם קאָרן,
שוין דינע, געלע מעל געוואָרען,
זאָגט דאָס הינדעלע שטילערהייד,
און איר קול קלינגט מיט געבעט:

קינדער, גייט באַקט אָפּ דאָס ברויט,
איך בין פאַרמאַטערט שוין צום טויט,
איך פאַל שוין פשוט פון די פיס,
אַזוי צו האַנדלען איז גראָב, און מיאוס.

שרייט די באָבע, לאָז צורו,
איך בין שוין אַן אַלטע פרוי,
קעצל מיאַקעט; מיא, מיא, מיאַ,
מייזל פּישטשעט: איך בין ניטאָ.

נעמט דאָס געלע מעל די הון,
באַקט אָפּ ברויטען, ווי די זון,
און זי פרעגט זיי מיט נצחון:
ווער וויל פריער מיין ברויט פאַרזוכען.

געוויס די ערשטע וועל זיין איך!
שרייט אויס באָבע אינדערגיך
ניין שרייט דאָס קעצל, איך,
מייזל זאָגט: פאַרגעסט ניט מיך.

זאָגט דאָס הינדעלע מיט כעס;
כ׳האָב געמאַכט מיט אייך אַ שפּאַס,
אַרבייט פלייסיק אַזוי ווי איך,
וועט איר האָבען ברויט פאַר זיך.

## וואָלטער דיסני'ס „בעמבי".

איך האָב איןווילדען וואַלד אַ מאָל,
וואונדער גרויסע דאָרט געזען,
אַלע איינוואוינער פון וואַלד,
געהערט האָב איך זיך פרייען.

ס'איז געווען אַ שמחה דאָרט,
אַ יונגער הערש האָט זיך פאַרקנאַסט,
איז ער מיט זיין, שיינער כלה,
פון שכנה'שן וואַלד געקומען צו גאַסט.

האָט מען אַ חתונה געפּראַוועט,
עס זענען געקומען אַפּולע געסט,
אַלע חיות פון די נאָרעס,
יעדער פויגל פון זיין נעסט.

טאַנצען אַלע, און מ'פרייט זיך,
אין אַ קאַראַהאָד מ'דרייט זיך,
העל, און ליכטיק שיינט די זון,
דרייען אַלע זיך אין קאָן.

עס טאַנצען פריילאַך חתן־כלה,
עס טאַנצען ווילדע חיות אַלע,
מיט אַ רעווערייי, און ברומערייי.
דער עולם האָט געלאָזט זיך פריי.

פלוצים לויפט פון וואַלד אַרויס,
אַן אַלטער הערש, גיגאַנטיש גרויס,
און מיט אַ קול פון טויזענט שטימען,
פאַנגט ער אָן צו רעווען, ברומען.

קינדער, אַן אומגליק וועט באַלד געשען!
כ'האָב ערשט אַ מענשען דאָ געזען,
ער וועט מאַכן פון אונז אַלע אַ תל,
מיר מוזען ראַטעווען זיך שנעל!

ווערט אין וואַלד אַ וויסטער טומעל,
מיט געשרייען, ביז אין הימעל,
יעדער זוכט זיך צו באַהאַלטען,
אין די לעכער, אין די שפּאַלטען.

ס'לויפט אַ טכויר, און לאָזט זיך הערען,
מיט זיין ריח, מיט דעם שווערען,
און אינמיטען בלייבט ער שטיין,
ווייסט פון שרעק ניט וואו צו גיין.

עס שפּרינגען וועווריקעס. און האָזן,
באַהאַלטען זיך אין טיפע גראָזען,
גראָבע שלאַנגען ווי די שטריק,
קריכען אין די לעכער צוריק.

און די אַלטע, שווערע, בערן,
ניט זיי טראַכטען, ניט זיי קלערען,
אַהן אַ ציל און אַהן אַ זינען,
לויפען נאַרעס זיך געפינען.

וואַס וויל דער מענש? די חיה־רעה !
בילען ווילד, די וועלף, די גרויע,
ס'איז אַ טומל אַ געפילדער,
און וואַס אמאַל, זיי ווערען ווילדער.

נאָר די אדלערקע, די שיינע פרינצעסין,
איז כלומרש רוהיג אויף אַ בוים געזעסען,
זי האָט איר צאָרען אויף דעם מענש באַהאַלטען,
פאַר די פויגלאַך האָט זי אַ לעקציע געהאַלטען:

הערט זיך צו וואָס איך האָב צו זאָגען:
איר זאָלט איצט ניט לויפען, און ניט יאָגען,
רוהיג, שטיל זיין זיך באַמיען,
און למה"ש ניט פליען!

וועט איר מיין באַפעל ניט פאָלגען,
און וועט אוועקלאָזען זיך פליען
וועט די בלוטדאָרשטיקע חיה...
מיט פייער־קוילען, אייך אָפבריען.

זענען די פויגעלאַך די טרוימער,
געזעסען אין טויט שרעק אויף די בוימער,
ניט געטשוויטשעט, ניט געזונגען,
שטיל די טרערעלאַך געשלונגען.

נאָר איין פויגעלע אַ פרייע,
געווען אַ מאַמע אַ געטרייע,
האָט זי די ווארנונג פאַרגעסען,
פון דער אדלערקע פרינצעסין.

און פול מיט מוט, און מיט כוח,
האָט זי זיך אויפגעהויבען אין דער הויך,
און האָט זיך אַוועקגעלאָזט געשווינד,
צו איר נעסט, און צו איר קינד.

האָט די אָדלערקע אויף איר געשריען;
ווי וואַגסטו איצט זיך לאָזען פליען?
צו זעסטו ניט דו קליינער נאַר —
אַז דו ביסט אין גרויס געפאַר !

דער קליינער נאַר האָט ניט געזען,
דעם יעגער מיט דעם ביקס דאָרט שטיין,
זי האָט אָבער באַלד דערשפירט,
זוען אַ פייער־קויל האָט זי באַרירט.

און מיט אַ בלוטיק טשוויטשעריי,
איז דאָס פויגעלע געווען פאַרביי.
ניט אַלעמאָל קען העלפען מוט,
ווען איינער לויערט נאָך דיין בלוט.

# אין דער גרינער דאָלינע

(דער נוסח פון „רייזעלע")

אין אַ גרינער דאָלינע,
שטייט אַ ווייסינקע שטיבעלע,
דאָרטן וואוינט אַ מיידעלע,
איז איר נאָמען ליבעלע.

ווי עס קומט נאָר אָן די נאַכט,
לויף איך באַלד אַהין,
וואו עס וואוינט מיין ליבעלע,
און דער טאָל איז גרין.

שפּאַצירן מיר זיך ביידע אַרום,
אין דעם גרינעם טאָל,
שעפּטשעט זי מיר ליבע ווערטער,
מיט אויגען פייער פול.

שעפּטשעט זי מיר ליבע ווערטער,
און איך ענטפער איר —
און מיר זיינען ביידע גליקלעך,
גליקלעך אָהן אַ שיעור.

און מיר חלומ'ען חלומות,
פון אונזערביידענס גליק,
ביז עס ווערט אין טאָל שוין פינסטער,
גייען מיר זיך צוריק.

גייען מיר אַזוי פּאַמעלעך,
צו פאַרלייגערען די צייט,
קוקט ליבעלע מיר אין די אויגען;
זי קוקט אַזוי פאַרשייט.

זי זאָגט מיר מיט ווערטער גאָרניט,
כ'פאַרשטיי אָבער איר מיין,
זאָג איך צו איר ליבעלע,
דו ביזט היינט אַזוי שיין!

דו וועסט מיין כלה אינגיכן ווערן,
איך ליב דיך אָהן אַ שיעור,
כ'וועל אַ פינגערל דיר ברייננגען,
מיט בריליאַנטען פיר.

פאַררויטעלט זיך מיין ליבעלע,
עס פאַלט פון פרייד אַ טרער;
מיר גיסן זיך צונויף-צוזאַמען,
מ'ווייסט ניט ווער, איז ווער.

און גליקליכע פֿאַרלאָזען מיר,
אונזער גרינעם טאָל,
און די הערצער קלאַפּן שטאַרקער;
און זיינען אַזוי פֿול.

מיר גייען שטיל און חלומ׳ען,
מיר גייען זייט-ביי זייט,
זאָג איך צו איר: ליבעלע,
דאָס גליק איז שוין נישט ווייט.

עס איז שוין קיין חלום מער,
ווערסט מיינע זיין שוין באַלד,
דו ווערסט ביי מיר ווי אַ פּרינצעסן —
זיין אָנגעטאָן איר גאָלד.

אין דער גרינער דאָלינע,
וועל איך מיט דיר מיין ליבעלע,
זיך ליבען ווי די טייבעלעך,
אין אונזער אייגען שטיבעלע.

הערט ליבעלע זיך צו, צו מיר,
צו אַלע מיינע רייד,
און פֿון אירע שוואַרצע אויגען,
שיינט אַרוים די פֿרייד.

# אינהאַלט;

## זאַכען און זאַכעלאַך



## לידער פון היטלער'ס צייטן



## יום־טוב לידער



## קינדער מעשה'לאַך און לידעלאַך





